

# ווען
# די זון פאַרגייט
# און די מוזע וויינט


הערשל הענרי וויינרויך
(גריגאָרי ווינאָקור)

Herschel Henry Weinrauch
(Grigory Vinokur)

# ״די זון פאַרגייט און די מוזע ווײנט״

## (אַ זאַמדעלע זאַלץ און אַ פונק אמת)

פון הערשל ווײנרויך
Grigory Vinokur

דערציילונגען,
עסייען,
פּראָזע־דיכטונג
אַרטיקלען

מערסטן געדרוקטע אין ״צוקונפט״, ״אידישער קענפער״,
״פאָרווערטס״, ״טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, ״דבר״,
״דבר השבוה״, אין ירושלימער אַלמאַנעך,
און אין אַנדערע זשורנאַלן און צייטונגען

אַדרעס פון מחבר:
**Herschel Weinrauch**
**141 West 73rd Street, Apt. 9-M**
**New York, N.Y. 10023**
**Telephone: 873-6633**

## אינהאַלט

# אַן אַריינפיר־וואָרט פון דעם מחבר

אַ טשיקאַווע נאָמען טראָגט דאָס בוך, וואָס באַשטייט פון עטלעכע דערציילונגען, אַ פּאָר קריטישע אָפּהאַנדלונגען פון באַרימטע ליטעראַטור קריטיקער; און אויסצוגן פון אייניקע, שרייבער און לייענער, געשריבן אין פּערזענליכע בריוו צו מיר און געדרוקט אין פאַרשידענע אידישע און ענגלישע אויסגאַבן.

יאָ, אַ טישקאַווע נאָמען: "די זון פאַרגייט און די מוזע ווײנט."

מוז דאָ קומען אַ דערקלערונג: די זון פאַרגייט פאַר מיר און נאָר פאַר מיר... ווייל דאָס איז מיין לעצט ביכל, וואָס איך געב איצט אַרויס. דאָס מיינט ניט, חלילה, אַז איך וואַרף עמיצן דעם גט פאַר די פיס... עס זיינען נאָך דאָ אָן מיר, ב"ה, גענוג אידישע שרייבער אַזוינע ווי איך, ערגערע ווי איך און בעסערע ווי איך, וואָס וועלן נאָך אַרויסגעבן ביכער אין אידיש (פאַרשטייט זיך פאַר זייער אייגן געלט, אויב זיי קענען דאָס זיך נאָר פאַרגונען) אָבער איך, אין דער איצטיקער צייט, אין מיין עלטער און אין מיין לאַגע (אַט־אַט ווער איך אַן 80ער — ביז 120) קען איך דאָס מער ניט טאָן...



אין אַלגעמיין פאַלט נאָך ניט דער אידישער ליטעראַרישער הימל צו דער ערד. עס דערשיינען נאָך עטליכע אידישע צייטונגען און זשורנאַלן, נאָר וואָדען דער לייענער איז ניט מער פון קיין ענטוזיאַסטישע אידישע יונגערמאַנטשיקלעך נאָר זאַגאַר פון אַ ביסל אַלטע אידן, און די שרייבער זיינען שוין אויך ניט מער קיין ענטוזיאַסטישע אידישיסטישע יונגערמאַנטשיקלעך נאָר עלטערע מענטשן...

עס זעט זיך עפּעס ניט אויף דעם אידישן ליטעראַרישן הימל קיין יונגע שרייבער מער, כאָטש אין די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן לערנט מען איצט אידיש מיט יונגע אידישע בחורים און מיידלעך — אַ זאַך וואָס מיר האָבן דאָס פריערט ניט געהאַט — און ניט געקוקט אויף דעם, הערט מען ניט קיין וואָרט אידיש אויף דער גאַס און שטוב, און אין די רעדאַקציעס פון אונדזערע צייטונגען און זשורנאַלן גייט ניט דאָס יונגוואַרג צו פאַרבייטן די עלטערע שרייבער כדי אָנצוהאַלטן דעם קיום פון אידיש פאַר די קומענדיקע דורות.

און דאָך, אינעווייניק, אין מיין נשמה, גלויב איך, און עס ווילט זיך גלויבן, אַז אידיש, אידיש לשון, אידישע ליטעראַטור און אידישע פּרעסע וועט קיינמאָל, אויף אינגאַנצן, ניט אונטערגיין!

וואָס שייך מיין ווייניקייט אַלס מענטש, איד און שרייבער, האַלט איך זיך ביים טראַדיציאָנעלן אידישן זאָג: אַז מע דערגרייכט צו די 70־יאָרן, און נאָך מיט אַ סמיטשעק (ווייל איך בין שוין ביז 120 גאָר גאָר נאָענט צו 80), דאַרף מען דאַנקען גאָט פאַר יעדער יאָר וואָס מע לעבט מער, ווייל דאָס זיינען שוין געשענקטע יאָרן... געוועז אַ צייט פון אַרבעטן, פון רעדן און פון שרייבן און עס קומט אַ צייט פון אָפּרוען זיך, פון צוריקציען זיך, פון שטיל ווערן און אפילו פון אויפערן שרייבן; ביפראַט נאָך ווען קיין אידישער פאַרלעגער, וואָס זאָלן אַרויסלאָזן אידישע ביכער, און נאָך באַצאָלן האָנאָראַר דעם שרייבער, זיינען דאָך שוין מער ניטאָ, און אַזאַ איד ווי איך האָב ניט די מיטלען צו באַצאָלן דעם דרוקער פאַר אָפּדרוקן מיינס אַ חבור, אַ קינסטלערישן ראָמאַן, אָדער אַ בוך פון קינסטלערישע דערציילונגען...

נו, ווילט זיך פאַרענדיקן בכבודיק מיין שרייבערישע קאַריערע און טוען קען איך דאָס נאָר מיט אַרויסלאָזן דאָס אָ ביכעלע מיט מיינע שפּאָרזאַמע, גאָר־גאָר ווייניקע דאָלאַרן, וואָס איך קריג יעדער חודש אַריין פון מיין סאָשעל סעקיוריטי פענסיע און פון מיין ביסל בלוטעק פאַרהאָרעוועטע אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן וואָס איך האָב נאָך אין באַנק, די קליינינקע סומע געלט, אָן וועלכן איך וואָלט ניט געקענט ווייטער אָנגייען מיט מיין לעבן.

און ביי מיין פאַרענדיקן די אָ הקדמה וויל איך ווינטשן מיינע קאָלעגן שרייבער, אַז זיי זאָלן נאָך לאַנגע־יאָרן אָנגייען מיט זייער אידישער שאַפונג פון קינסטלערישער ליטעראַטור און דאָס אידישע וואָרט פון קונסט און פון אמת זאָל דערגרייכן פיל־פיל אידישע דורות. אמן.

**הערשל ווײנרויך — ווינאָקור**



## מיין צוואה

"סוף אדם מות" איז ניט קיין וואָרט־שפּיל,
עס איז אַ זאָג פון אונדזערע אבות —
אָפּגעלעבט און דאַן סוף־פּסוק. מע בלייבט שטיל.

קיינער קען דעם סוף־פּסוק ניט אויסמיידן,
פאַר אָרעם און רייך מוז דאָס געשען,
דער סוף פון אַ מענטש איז נישט קיין חדוש,
נאָך אַ מת זאָגט מען קדיש.

נו, און איך, אַן אדם בן אדם, איך וועל דאָך אויך ניט אייביק לעבן!
איז ווען די צייט וועט שלאָגן, און איר וועט מיך צו מיין קבר טראָגן,
בעט איך אייך, מיינע ליבע פריינט, זאָלט איר צו מיין קבר טראָגן
די אידישע פאָן, אַ ווייס־בלויע פאָן פון העלישע פאַרבן,
די פאָן פון מיין לאַנד און מיין פאָלק ישראל.

און איינוויקלען מיין קערפּער זאָלט איר אין אַ טלית
כדי ניט צו פאַרשעמען די טראַדיציע פון מיינע אבות.
און כאָטש איך וועל שוין זיין פאַרביי
און עמיצער וועט נאָך מיר זאָגן קדיש מיט אַ געשריי,
זאָל מען אויך אויסרופן ביי מיין קבר: עם ישראל חי!..



# הערשל־צבי ווײַנרויך־ווינאָקור

מײַן מאַמעלע, זאָל האָבן דעם פאַרדינטן גן־עדן, האָט פאָרויסגעזאָגט פאַר מיר אַ צוקונפט פון גערעאַנגל פאַר מײַן לעבן, און דערפאַר, האָט זי מיר אָנגעזאָגט:

„הערשעלע, דו וועסט מוזן זײַן, ניט נאָר שטאַרקער פון אײַזן, נאָר אויך שטאַרקער פון אַ טיגער,
לײַכטער און פלינקער פון אַן אָדלער,
שנעלער פון אַ הירש,
העלדישער פון אַ לייב,
און כיטרער פון אַ פונקס!..



**אל תשליכנו לעת זקנה,**
**בכלות כוחי אל תעזבני**

נויט ברעכט אײַזן. אָבער די הויפּט זאַך איז: אַ מענטש זאָלסטו זײַן.“



# אַ זאַמדעלע זאַלץ
## (מיינע וואָרצלען)

ס׳אַ זומערדיקער זונטאָג. עס איז אויך היינט דער מאַמעס געדענק־טאָג... דאָס גרויסע פענצטער פון מיין דירה, אויפן זעקס און צוואַנציקסטן שטאָק, קוקט אַראָפּ צום האָדסאָן־טייך אין וועלכן עס באָדט זיך אַ גרויסע גאָלדענע זון, און די שטראַלן פון דער זון רייסן זיך אַרויס פון טייך און שפּיגלען זיך אָפּ אין מיין פענצטער. און פּלוצעם, ווי דורך אַ קריסטאָלנער פּריזמע, גיבן זיך די שטראַלן אַ בויג און נידערן אַראָפּ ערגעץ ווייט־ווייט איבער ימען, פעלדער און וועלדער און קומען צו צו צוויי פאַרוויסטע פענצטער פון אַ קעלער־שטוב אין דער שטאָט אָדעס, אין דער יידישער געגנט, וואָס מע רופט ״מאָלדאָוואַנקע״. פּאַר מיינע אויגן וואַקסט אויס מיין שיינינקע מאַמע. זי ליגט אויף אַ שטרוי־זאַק, אַזאַ פאַרצווייפלטע און אַזאַ שווייגנדיקע. זאָג איך צו איר:

״מאַמעלע, זאָג עפּעס... זיי ניט אַזוי פאַרצווייפלט!״

הייבט זי זיך אויף פון געלעגער און קוקט אויף מיר מיט אירע בלויע אויגן און גיט אַ פיינלעכן שמייכל.

״וואָס זאָל איך דיר זאָגן, הערשעלע, דאָ, אין קעלער־שטוב איז וויסט און פינצטער, און דאָרט, אין דרויסן, איז פריילעך און ליכטיק. די קינדער, לייבעלע, נחמעלע און מלכהלע, שפּילן זיך אין דרויסן. איך הער זייער קינדערישן זומערדיקן געלעכטער. אָבער באַלד וועלן זיי אַראָפּקומען צוריק אין דער קעלער־שטוב און מיט אַ געוויין זיך ביי מיר בעטן: ״מאַמע, עסן!...״ און איך קאָך דאָך שוין היינט ווידער אַ מאָל ניט... קיין פּיצל ברויט ניטאָ אין שטוב, און קיין צוקער אויך ניט. עס איז פאַרבליבן נאָר אַ צוויי־דריי לעפל מעל אין אַ שקאָרמיצל, און אַ זאַמדל זאַלץ אין דעם זעלצערל.״

יאָ, איך געדענק דאָס גלייך ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען, כאָטש דאָס איז געשען מיט פינף און זעכציק יאָר צוריק. מיין מאַמע, זי איז דאָך דאַן אַפילו קיין פערציק יאָר ניט אַלט געווען. זי האָט געשיינט ווי אַ בליענדיקע רויז. איר שמייכל איז געווען זיס ווי האָניק, און אירע חן־גריבעלעך אין אירע מאַרמער־ווייסע באַקן האָבן זיך ווי געבעטן, אַז מע זאָל זיי קושן. און מיר, קינדער, מיר האָבן ליב געהאַט צו קושן דער מאַמעס־חן־גריבלדיקע באַקן. עס איז געווען אַזוי באַטעמט און אַזוי זיס... און מיר האָבן אויך ליב געהאַט צו גלעטן דער מאַמעס גאָלדיק זון־שיינענדיקע האָר.

מיר זיינען געוועזן אַן אָרעמע אָבער צופרידענע משפּחה, מיין שטיף־טאַטע, ר׳ גרשון מלאך, איז קיין מאָל ניט געווען קיין גרויסער פאַרדינער, אָבער פון קיין הונגער זיינען מיר ניט געשטאָרבן... נאָר ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די איבערקערעניש מיטן אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, מיט דער גרויסער רעוואָלוציע און דערנאָך מיט דעם שרעקלעכן בירגער־קריג. דאַן איז געוואָרן אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט, אַ הונגער און אַ פאַרוויסטעניש... און אַז קיין אַרבעט איז ניט געווען איז שוין קיין פּרנסה אויך ניט געווען. מע האָט געמוזט אויפגעבן די דירה אויפן צווייטן שטאָק און זיך אַראָפּציען אונטן אין דער קעלער־שטוב, וואו דאָס דירה־געלט איז ביליקער געווען.

און פּלוצעם איז דער טאַטע געשטאָרבן. מיר, די מאַמע און די פיר קינדער, זיינען געבליבן ווי אויפן וואַסער...

די מאַמע איז נאָך דאַן אַפילו קיין פערציק יאָר ניט אַלט געווען און איר שיינקייט האָט געמוזט פאַרלוירן גיין. די בליענדיקע רויז איז געוואָרן איינגעדאַרט, צעקנייטשט און פאַרוויאַנעט. די ליכטיקע בלויע אויגן זיינען געוואָרן טונקל און אומעטיק. דאָס אויסגעדאַרטע פּנים האָט איינגעשלונגען אירע חן־גריבעלעך פון אירע באַקן. אירע גאָלדענע זון־שיינענדיקע האָר זיינען געוואָרן גרוי... און דאָס אַלץ איז געשען נאָר אין איין יאָר, אין דעם 18־טן יאָר...

יאָ, מיין מאַמע איז נאָך אַפילו קיין פערציק יאָר ניט אַלט געווען און זי איז שוין געווען איין מאָל אַ געגטע פון איר ערשטן מאַן, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט. דאָס קינד, דאָס בין איך געווען... און איצט איז זי געוואָרן אַן אַלמנה מיט פיר קליינע קינדער, איך פון דעם ערשטן, דעם געגטן מאַן, און די אַנדערע דריי פון דעם צווייטן, דעם פאַרשטאָרבענעם מאַן. איך בין געווען דאָס דרייצן־יאָריקע בר־מצווה יינגל, דער עלטסטער, דער געראָטנסטער און דער ליבלינג פון מיין מאַמען, אַזוי האָט זיך מיר געדוכט... די אַנדערע קינדער, די קלענערע: לייבעלע איז אַלט געווען ניין יאָר, נחמעלע זיבן יאָר, און מלכהלע — פינף יאָר. מיר האָבן שוין אַלע פאַרזוכט דעם טעם פון אומגליק, נויט און פאַרצווייפלונג. אָבער קינדער בלייבן קינדער.

עס איז געווען אַ זוניקער שיינער זונטיקדיקער טאָג, אין יולי פון 1918. אין דער שטאָט אָדעס האָבן זיך די מאַכטן יעדעס מאָל געביטן. אָט האָבן אין דער שטאָט געהערשט די באָלשעוויקעס און אויף די טויערן פון די הייזער זיינען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן רויטע פאָנען מיט צייכנס פון סערפּ און האַמער, און אָט האָבן שוין ווידער געהערשט די ווייס־גוואַרדייצעס און מע האָט אַרויסגעהאָנגען אויף די טויערן פון די הייזער די אַלטע צאַרישע ווייס־בלויע־רויטע פאָנען. און מיט אַ מאָל זיינען גאָר אָנגעלאָפן אויף דער שטאָט די העטמאַן־אוקראַינער פאָלקן מיט זייערע אויסגעפּוצטע סאָלדאַטן, ווי אין אַן אָפּערע־פאָרשטעלונג, אין פיל־קאָלירטע זיידענע טוניקס און אין שוואַרצע

  

זיידענע שאַראַוואַרעס, מיט שוואַרצע שאָפּענע פּאַפּאַכעס אויף זייערע געגאָלטע קעפּ, פון וועלכע עס האָט בלויז אַן ״אָסעלעדעץ״, אַזאַ האָריק שווענצעלע זיך אַרויסגעוויזן.

איז וואָס האָבן דען קינדער פאַרשטאַנען וועגן רעוואָלוציע, וועגן בירגער־קריג און וועגן די אַלע מאָל נייע מאַכט־פאַרכאַפּענישן?... קינדער בלייבן קינדער!... מען איז אַרויס פון דער טונקעלער קעלער־דירה צו דער ליכטיקער גאַס, וועלכע איז באַגאָסן געווען מיט גאָלדענע זון־שטראַלן און מען האָט זיך געשפּילט אין קינדערישע שפּילעכלעך. אָבער, אַז מען איז הונגעריק געוואָרן איז מען צוריק אין דער קעלער־שטוב אַריין און מען האָט געמאָנט פון דער אָרעמער, קראַנקער און פאַרצווייפלטער מאַמע:

״איך בין הונגעריק מאַמע, איך וויל עסן, מאַמעלע!...״

איז פאַרוואָס געדענק איך דאָס גראָד היינט? איז דאָס דערפאַר וואָס איך בין איצט אַ בירגער פון דער זאַטער און רייכער אַמעריקע און איך וואָלט היינט אויך באַדאַרפט אָפּגעבן כבוד צו מיין מאַמען, לויטן איינגעפירטן אַמעריקאַנער מנהג?...

אין היינטיקן זוניקן זונטיקדיקן ״מאַמעס טאָג״ האָב איך געטראַכט פון מיין קינדהייט און איך האָב געזען מיין מאַמע... איך האָב געזען ווי מיין מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר געלעגער, געכאַפּט אויף די אַקסל דאָס איינציקע פאַרמעגן, וואָס איז נאָך אין אונדזערער אָרעמער שטוב פאַרבליבן, דעם זיידענעם געקווייטלטן טערקישן שאַל, און זי איז אַרויס פון שטוב. איך בין איר נאָכגעגאַנגען.

״מאַמע, וואו גייסטו?״

״נויט ברעכט אייזן, מיין קינד. איך מוז עפּעס קריגן וואָס אָפּצוקאָכן.״

אויף דער גאַס, טאַקע לעבן טויער פון אונדזער הויף, וואו מיר האָבן געוואוינט, איז געווען אַ יאַטקע. די אַדעסער מאָלדאָוואַנקע איז אַ יידישע געגנט און דאָרט זיינען די געשעפטן פאַרמאַכט אין די שבתים און זיינען אָפן אין די זונטיקן, אויב אין די געשעפטן איז נאָר דאָ וואָס צו פאַרקויפן... די יאַטקע איז געווען אָפן. דער קצב, ר׳ משה־חיים, אַ ליטווישער ייד, אַ פעטלעכער און מיט אַ קליין גרוי געקרייזלט בערדל אויף זיין דיקלעך געזיכט, האָט זייער וואַרעם אויפגענומען די מאַמע. ער האָט געוואוסט פון איר אומגליק, און ווי אַ פרומער ייד האָט ער געוואָלט זיך פאַרדינען אַ מצווה מיטן טרייסטן אַן אָרעמע אַלמנה.

״איי־איי־איי, טייערע בת־שבע, איך האָב טאַקע געטראַכט וועגן אייך. נו־נו, זייט ניט ביי זיך געפאַלן. עס איז דאָ אַ ליבער גאָט אויף דער וועלט. עס וועט נאָך זיין גוט. נו, איז וואָס זאָל איך אייך געבן? איר זיינט זייער שפעט געקומען. מען האָט שוין כמעט די גאַנצע פלייש צעכאַפּט. דאָך איז נאָך אַ גוט שטיקל פלייש פאַרבליבן״.

״ניין!״ האָט די מאַמע מיט אַ געמאַכטער פרייִלעכקייט אַ זאָג געטאָן און באַלד אויפן אָרט אַ ווייסן ליגן צוגעטראַכט: ״איך דאַרף היינט ניט קיין פלייש, נאָר ביינער, ווייל איך קאָך היינט אַ באָרשט, און די אויסגעקאָכטע ביינער אין אַ באָרשט גיבן צו אַ גוטן טעם״.

דער קצב האָט ווי עס ווייזט אויס פאַרשטאַנען דעם מאַמעס נויט און איר צוגעטראַכטן ״ווייסן״ ליגן, דערפאַר האָט ער צו די בלויזע ביינער צוגעגבן איין גרויסן ביין פול מיט מאַרך, און נאָך איידער די מאַמע האָט באַוויזן עפּעס וואָס צו זאָגן, האָט ער די ביינער איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר און דערקלערט:

״בת־שבע לעבן, זייט זיך ניט מטריח און זוכט ניט קיין געלט אין אייער טאַש. פאַר קיין ביינער נעם איך נישט קיין געצאָלטס״.

״אָבער איר האָט דאָך צוגעלייגט אַ גרויסן מאַרך־ביין, און דאָס קאָסט געלט!״

״אַן אַנדערס מאָל, בת־שבעניו, ניט היינט... גייט אייך געזונטערהייט און קומט נאָך אַ מאָל. און געדענקט, נאָר בטחון... גאָט וועט אייך ניט פאַרלאָזן...״

צוריק אין דער קעלער־שטוב איז די מאַמע געשטאַנען אין קיך און געקאָכט וואַסער מיט ביינער. די פּאָר לעפל מעל, וואָס איז אין אַ שקאָרמיצל פאַרבליבן, האָט זי מיט אַ ביסל וואַסער באַגאָסן און עס צעמישט און צעקנאָטן. עס איז געוואָרן פון דעם אַ שטיק טייגן־קיילעך. פון דעם קיילעך האָט זי אַלע מאָל אָפּגעטשיפּעט אַ פּיצעלע טייג און עס אַריינגעוואָרפן אין דעם טאָפּ, אין וועלכן עס האָט זיך געקאָכט דאָס וואַסער מיט די ביינער. פון די שטיקלעך שווימענדיקע טייג איז דאָס וואַסער געוואָרן מוטנע און געדיכט. ווען דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן צו זידן איז דער מאַרך פון דעם גרויסן ביין אַרויס און

אָנגעהויבן צו שווימען אויפֿן וואַסער אין טאָפּ, ווי אַ קינדעריש שפּילצייג־שיפֿעלע שווימט אין אַ קאַליוזשע וואַסער נאָך אַ רעגנדיקן טאָג. דערנאָך האָט די מאַמע גענומען אַ גרויסן הילצערנעם לעפֿל און זי האָט דעם מאַרך צעקוועטשט און צעריבן. די מאַמע האָט דעם טאָפּ אַראָפּגענומען פֿון דעם פֿייער און אים אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. באַלד האָט זי אַרויסגענומען אַלע ביינער פֿון טאָפּ און זיי אַרויסגעוואָרפֿן אין דעם מיסט־קעסטל. דערנאָך האָט זי ווייטער צעמישט דאָס "געקעכטס" מיטן הילצערנעם לעפֿל און דאָס וואַסער אין טאָפּ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין מוטנער, אָבער געדיכטער און שמעקנדיקער זופּ. די מאַמע האָט מיך אַ רוף געטאָן:

"קום נאָר צו, הערשעלע, פֿאַרזוך, האָט עס עפּעס אַ טעם?"

זי האָט מיר געגעבן אַ פֿולן לעפֿל מיט זופּ. איך האָב פֿאַרזוכט. עס האָט מיר געשמעקט. אָבער איך האָב געפֿילט, אַז עפּעס פֿעלט דאָ, אַז עס זאָל זיין נאָך בעסער. האָב איך אַ זאָג געטאָן:

"מאַמע, עס איז גוט, אָבער מיר דוכט, אַז עס פֿעלט אַ ביסעלע זאַלץ!"

"אָ, מיין קאָפּ", האָט די מאַמע זיך צעלאַכט, "אַזוי ווי אין די אַמאָליקע "גוטע צייטן", און האָט אויסגעשריגן: "איך האָב דאָך פֿאַרגעסן, אַז אין דעם זעלצערל איז נאָך פֿאַרבליבן אַ זאַמדעלע זאַלץ."

זי האָט באַלד אויסגעליידיקט דאָס פֿאַרבליבענע ביסל זאַלץ פֿון דעם זעלצערל און דאָס אַריינגעטאָן אין דעם טאָפּ, צעמישט די זופּ און מיר ווידער אַ מאָל געגעבן צו פֿאַרזוכן.

"זייער גוט, מאַמע!", האָב איך אויסגעשריגן, "טאַקע נאָר דאָס זאַמדעלע זאַלץ האָט אויסגעפֿעלט. די זופּ איז איצט אויסגעצייכנט גוט, טעם גן־עדן."

"איז וויבאַלד אַזוי", האָט די מאַמע אַ צופֿרידענע געענטפֿערט, "אַז דאָס זאַמדעלע זאַלץ האָט געשאַפֿן דעם טעם איז דאָס אַ סימן, אַז אַ זאַמדעלע זאַלץ איז ווי אַ פֿונק פֿון אמת... און דער אמת איז, הערשעלע, אַז די קינדער קערן שוין זיין גוט הונגעריק, נאָר אין זייער קינדער־שפּיל, אויף דער זומערדיק זוניקער גאַס, פֿאַרגעסן זיי פֿאַר אַ ווייל אין דעם הונגער, אָבער גאָר גיך וועלן זיי אים דערפֿילן, איז לויף זשע טאַקע שוין און רוף די קינדער און לאָמיר עסן, ווייל די זופּ איז נאָך הייס".

אין דעם אויפֿדערנאַכט זיינען די קינדער געשלאָפֿן זאַטע און צופֿרידענע אין זייערע בעטעלעך. איך בין געזעסן ביי אַ קליין טישל אויף וועלכן עס איז אַ קליין נאַפֿט־למפּל געשטאַנען און געלייענט פּושקינס אַ בוך פֿון געזאַמלטע לידער און דערציילונגען. די מאַמע איז געלעגן אויף איר שטרוי־זאַק מאַטראַץ מיט אָפֿענע אויגן און וועגן עפּעס געטראַכט. פּלוצלינג האָט זי זיך אָפּגערופֿן:

"הערשעלע, וואָס לייענסטו?"

"פּושקינס אַ בוך, מאַמע, און איצט לייען איך דאָס מעשהלע וועגן אַ גאָלדן

פּישעלע..."

"אָ, יאָ־יאָ... איך האָב דאָס מעשהלע אויך געלייענט, ווען איך בין אַ קינד געווען". זי האָט זיך ווידער פאַרטראַכט און דערנאָך געזאָגט: "הערשעלע, דו ביסט שוין מער ניט קיין קינד... צו דרייצן יאָר איז מען שוין ביי יידן אַ פאָלנער מענטש. דו ביסט איצט דער באַלעבאָס פון דעם הויז־געזינד. מען דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן תכלית... דו מוזסט זיך אויסלערנען עפּעס אַ פאַך און מיט דער צייט אָנהייבן צו פאַרדינען געלט."

אַ דערשטוינטער האָב איך אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען.

"מאַמע, וואָס רעדסטו?... עס איז אַ בירגער־קריג. די אַרבעטסלאָזיקייט איז גרויס. די פאַבריקן און געשעפטן זיינען פאַרמאַכט. איך ווייס ניט וואָס איך קען טאָן אין אַזאַ אָ צייט."

"האָסט רעכט, האָסט רעכט, מיין קינד. אָבער טראַכטן וועגן אַ צוקונפט מעג מען דאָך. ווי איך זע איין, וועסטו זיך צו מסחר ניט טויגן. דיין האַרץ איז ניט דערביי. זאָלסטו זיך אפשר אַ מין מלאכה אויסלערנען?... אָבער עס איז דאָך אמת, ווי דו זאָגסט, אַז איצט איז בירגער־קריג, און ווען ליגט איצט אין זין צו לערנען אַן אָרעם יינגל אַ פאַך?... און דאָך פרעג איך זיך: וואָס זשע וועט פון דיר זיין, הערשעלע?... איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דו האָסט אַ גוסט צום לערנען... אָבער ווי אַזוי קענסטו זיך דאָס פאַרגינען אין אונדזער מצב..."

זי האָט פלוצעם אַזאַ מאָדנעם און מילדן שמייכל געטאָן.

שוין לאַנג ווי איר פאַרוויסט פּנים האָט אַזוי ניט געשיינט ווי איצט. זי האָט געזאָגט: "דו לייענסט צופיל ביכלעך, הערשעלע. איז ווער ווייסט, אפשר וועסטו גאָר אַליין אויך אַ מאָל שרייבן ביכלעך?... און אויב יאָ!... זאָלסטו געדענקען, אַז דיינס אַ דערציילטע זאַך, צי אַפילו גאָר אַן אויסגעטראַכטע מעשה, זאָל שטענדיק זיין שיין, אָבער פּראָסט און פּשוט דערציילט, און ניט מיט קיין פאַרדרייטע און באַפּוצטע ווערטער, אַז דער וואָס וועט דאָס לייענען זאָל ערשט דאַרפן טייטשן, כדי צו וויסן וואָס דו האָסט געמיינט צו זאָגן. אַ מעשה־ביכל איז נישט קיין גמרא... אַ מעשה־ביכל דאַרף מען באַלד פאַרשטיין און הנאה האָבן, צי מען לאַכט אָדער מען וויינט פון דער באַשרייבונג. און אויך מוז דאָס דערציילטע זיין מיט טעם. עס טאָר ניט פעלן אין דעם אַפילו קיין איין זאַמדעלע זאַלץ. און אַפילו אויב דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה, זאָל דאָרטן שטענדיק זיין כאָטש אַ פונק פון אמת. און פאַרגעדענק, הערשעלע, אַז דאָס זאַמדעלע זאַלץ און דער פונק פון אמת איז דאָס וויכטיקסטע וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן אין זיך, אַלץ איינס צי ער איז אַ שרייבער, אַ דאָקטער, אַ שוסטער אָדער אַ שניידער...

צי מיין מאַמעס רייד האָבן געווירקט אויף מיר, אַז איך זאָל ווערן אַ שרייבער, אין דעם בין איך אין אַ ספק. דער וועג צו מיין פאַרשרייבן

געשעענישן איז ניט געווען אויסגעלייגט מיט קיין בלומען. פיל שטיינער און דערנער זיינען דאָרט געווען, און זיינען נאָך אַלץ דאָ, אויף מיין וועג. צו פיל מלאכות האָב איך שוין געטאָן אין מיין לעבן. צופיל טראַגעדיעס און קאַטאַסטראָפעס זיינען אין מיין לעבן פאָרגעקומען. און דאָך בין איך צופרידן וואָס איך בין אַ שרייבער, און בין געבוירן געוואָרן צו זיין אַ שרייבער. דאָס זאַמדעלע זאַלץ און דער פונק אמת איז פון מיין וואָרט אין מיין שאַפונג קיין מאָל ניט אָפּגעטאָן געוואָרן.

* * *

אָ, מאַמע! מיין שיינע מאַמע!... ס׳איז היינט אַ זוניקער, תמוזדיקער זונטיק־טאָג, אַ ״מאַמעס געדענק־טאָג״... דאָס גרויסע פענצטער פון מיין דירה אויפן זעקס און צוואַנציקסטן שטאָק קוקט אַראָפּ צום האָדסאָן־טייך, אין וועלכן אַ גרויסע גאָלדענע זון באָדט זיך, און די שטראַלן פון דער זון גרייכן פון טייך צו מיין פענצטער. און די שיין פון דער זון טראָגט מיינע מחשבות צו דיר, מיין מאַמע... מיין גאַנץ לעבן שיינסטו פאַר מיר, און ווי דורך אַ ריין־זויבערער קריסטאָלענער פּריזמע ברעכט זיך די זונשיין פאַר מיינע אויגן, און דו שטייסט פאַר מיר אַ לעבעדיקע, אַ גוטע און אַ שיינע, אַ גאָלד־בלאָנדלעכע מאַמע...



# דער אָכרימאָווער גר־צדק

מיין זיידע איז פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט געווען פאַרטאָן אין זיינע עפּל־סעדער און אין זיינע עפּל־קעלערס, אוואו ער האָט די עפּל סאָרטירט אין קאַסטנס און זיי אָפּגעשיקט, אויף פערד און וואָגן, צו דער כריסטינאָווקער באַן־סטאַנציע און זיי געשיקט קיין קיעוו, אָדעס און אפילו קיין פּעטערבורג. דאָך האָט מיין זיידע



געפונען גענוג צייט צו בויען הייזער פאַר זיינע זין און טעכטער און צו זיצן מיט מיר, זיין אָדעסער גאַסט־אייניקל, און מיר דערציילן פאַרשידענע און ביז גאָר טשיקאַווע מעשיות וועגן וועלדער און פעלדער און וועגן ביימער און מענטשן. אָבער איינע, אַ מעשה, זיינע, איז געווען ביז גאָר אַ טשיקאַווע און איך האָב זי פאָרגעדענקט ביז היינטיקן טאָג, ווען איך אַליין בין שוין איצט אַ זיידע !.. נו, גיי איך דאָ דערציילן די אָ מעשה אַזוי ווי איך האָב זיך פאָרגעדענקט.

* * *

גענוי ווען דאָס איז געשען ווייסט קיינער ניט. מע ווייסט נאָר, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן רוסישע פּויערים, וועלכע האָבן ביים וואָלגע־טייך געלעבט, זיך מגייר געווען, אָנגענומען די אמונה פון די אבות אברהם, יצחק און יעקב, און אויך אָנגענומען די תורה פון משה׳ן... דערנאָך האָבן זי פאַרלאָזט זייערע געבורט־ערטער און זיי זיינען געקומען און דער געגנט פון אָכרימאָווע און זיך דאָ באַזעצט.

קרעכצנדיק אונטערן שווערן יאָך פון דער צאַרישער מאַכט און שקלאַפערישער הערשאַפט האָבן די פּויערים אָנגעהויבן צו זוכן אַ רעטונג. עס האָבן זיך באַוויזן אין דעם רוסישן פאָלק ״יורידיווע״ — אַ זעלכע ״נביאים״, וועלכע האָבן איינגעזעען דעם אומגליק פון דעם פּויער ניט אַזוי אין דער פּאָליטישער אָרדענונג, ווי אין דעם פּראַוואָסלאָוונעם גלויבן... זיי האָבן געטענהט, אַז אַלע צרות קומען נאָר איבער דעם, וואָס מע זאָגט ניט ריכטיק די תפילות, וואָס די הייליקע בילדער, די איקאָנעס, זיינען געפעלשטע, און וואָס

דער גלאָקן־געקלאַנג אין די קלויסטערס איז ניט קיין ריכטיקער...

דאָס רוסישע פאָלק, און איבערהויפּט פויערים, האָט זיך אַ לאָז געטאָן זוכן דעם אמת... מע האָ געזוכט דעם ריכטיקן גלויבן פון דעם "אל רחמים", מיינענדיק, אַז אין דעם אמתן גלויבן איז דאָ די ליזונג פון זייער שווערע דאָליע... עס האָבן זיך געשאַפן הונדערטער רעליגיעזע סעקטעס און צווישן זיי אַזוינע, ווי די "ראַסקאָלניקעס", "יעוואַנגעליסטן", "דוכאָבאָרן", "מאָלאָקאַנצעס", "סובאָטניקעס", "זשידאָווסטוואָיושטע" און נאָך פילע אַנדערע... אַלע די סעקטעס זיינען גערוידעפט געוואָרן פון דער צאַרישער רעגירונג מיט זיין הערשנדיקן פּראַוואָסלאָוונעם קלויסטער. די אָנפירער פון די סעקטעס האָט מען אין די פינצטערע און נאַסע קאָזאַמעטן אַריינגעוואָרפן און זיי אין קייטן געשמיט. אייניקע פאַרפאָלגטע, כדי ניט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע האָבן זיך אַליין לעבעדיקערהייט פאַרברענט... אַנדערע, זיינען קיין סיביר, אין דער טיפעניש פון דער אוראַלטער טייגע אַוועק, זיך דאָרטן אין דעם אומענדליכן טייגע־וואַלד באַזעצט... און אייניקע, און נאָר אַ קליינע טייל, זיינען געקומען מיט זייערע משפחות, אַריבער דער וואָלגע און, דניעפּער, צו די יידישע שטעטלעך און זיך דערקלערט פאַר גרים, אָנהענגער פון יידישן גלויבן, יידישן בטחון און יידישער תורה...

אַ שווערן, גאָר אַ שווערן עול האָבן אויף זיך די גרים גענומען. זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אַ פאָלק, וועלכן מע האַסט און מע שלאָגט, צו אַ רעכטלאָזן פאָלק, וועלכס מע טרייבט פון די דערפער און אין קיין גרויסע שטעט לאָזט מען זיי ניט אַריין, צו אַ פאָלק אַ "פּראָלעטאַרער", אָן אַ היים, אָן אַ לאַנד, אַ צעזייט און אַ צעשפּרייטס פאָלק איבער אַלע לענדער און איבער דער גאָרער וועלט. און אויב דעם אָ פאָלק פאַרייניקט עפּעס, איז דאָס נאָר זייער אַלגעמיינער גורל, זייערע אַלגעמיינע צרות, זייער גערעכטיקייט, זייער גאָט און זייער תורה... און זיי, די גרים, האָט זיך נאָך שווערער געלעבט, ווי די יידן, ווייל פון קריסטנטום זיינען זיי אַוועק און צום יידנטום זיינען זיי נאָך ניט געקומען... זיי זיינען געהאָנגען, ווי אין דער לופט...

די אָכרימאָממער גרים, נאָר עטליכע משפחות, זיינען אַלע געווען אַזלעכע היכע און שלאַנקע, ווי די סאָסנעס, געזונטע און קרעפטיקע, ווי די דעמבן, און כמעט אַלע בלאָנדע, מיט רויט־פאַרביקע פנימער. גערעדט האָבן זיי אַלע אַ שאַרפן רוסיש, נאָר צווישן די רייד האָבן זיך ווי דורך אַ זיפּ, אַרויסגעכאַפּט אייניקע יידישע און לשון־קודש ווערטער... און אַז עמיצער פון זיי איז די גאַס אַדורך האָבן יידן מיט די פינגער געטייטלט: — אַ גר!..

עטליכע יאָר האָבן זיי געלעבט, די גרים, איינזאַם אין דעם שטעטל. זיי האָבן געבויעט פאַר זיך הייזער, געהאַנדלט מיט תבואה און בהמות, אויסגעבויעט אַ ציגל־זאַוואָד, אין וועלכן זיי האָבן אַליין געאַרבעט און די ציגל פאַרקויפט צו דער אַרומיקער באַפעלקערונג. און דאָס איינציקע אָרט אַוואו זיי האָבן געהאַט

אַ נאָענטערע באַציונג מיט די יידן, איז געווען דאָס ״גרויסע״ אַלטע קלויז, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער מיטל־גאַס (און וועלכע מע האָט גערופן **עם ישראל**...) דאָס איז געווען אַן אַלטע געביידע מיט זיבן גרויסע און ברייטע טרעפּ אַרויפצוגייען, מיט זיבן ווייסע שטיינערנע קאָלאָנען־זיילן אַרום און אַרום, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם האַלב־קיילעכדיקן, אָריענטאַלישן, קאָפּאָל־אַרטיקן הימל־דאַך פון דער געביידע. באַ דער גרויסער, אייזן־געקאָוועטער טיר, איבער דעם אַריינגאַנג, זיינען גרויסע שטיינערנע אויתיות, געפוצט מיט גאָלד, אויסגעשטעלט געווען און דערמאָנט דעם אַריינגייער, אַז: ״עם ישראל חי״... אינעווייניק איז די קלויז געווען מיט אַ גרויסן האָלץ־געשניצטן און גאָלד־געפּאַרבטן באַלעמער און אָרון־קודש.. אויבן, פוןביידע זייטן אָרון־קודש, זיינען געשטאַנען אַ גאָלדענער לייב מיט אַ גאָלדענעם הירש. דער אָרון קודש מיט די ספרי תורות איז באַהאָנגען געווען מיט אַ רויט־פּליושענעם פּרוכת באַפּוצט מיט גאָלד, זילבער און פון קאָלירקע שטיינער... די קליינע פענצטערלעך פון דער קלויז, זיינען מיט רויטע, גרינע, בלויע און אַנדערע, פיל־קאָלירטע, שייבעלעך באַזעצט געווען און האָבן פון זיך אַ פּאַרכישופטע שיין אין דער קלויז אַריינגעשיקט... און איצט, ווען אַ גר איז געקומען אין קלויז האָבן זיך אַרום אים אַלע יידן אַרומגעשטעלט, געקוקט ווי ער לעגט די תפילין, ווי ער וויקלט די רצועות, און מע האָט אים אונטערגעטראָגן אַ סידור און באַוויזן מיט די פינגער, אַוואו ער זאָל אָנהויבן צו דאַווענען.

— אָט, דאָ אָ, וואָט, פּאַרשטייסט, פּאָנימאַיעש?!...

— פּאָנימאיו... פּאַרשטיי... מאָליטוואָ... דאַווענען!... — האָט דער גר אַ צופרידענער געענטפערט און האָט אָנגעהויבן דאַווענען הויך אויפן קול מיט גרויס התלהבות — מאַ טובו אהליך יעקב!...

ביסלעכווייז האָבן זיך די גרים צוזאַמענגעלעבט מיט די יידן. מע האָט אָנגעהויבן פירן בשותפותדיקע געשעפטן. מע האָט געהאַנדלט מיט בהמות און מיט שניט־קראָם. מע האָט געפלאַנצט סעדער און מע האָט פּאַרזייט פעלדער. מע האָט געשטעלט ווינט־מילן און מע האָט געעפנט גוראַלניעס... די גרים׳ס קינדער האָבן אָנגעהויבן צו גייען אין די יידישע חדרים. זיי האָבן שוין ניט נאָר געקענט רעדן יידיש, נאָר אויך לערנען תנ״ך און אַ בלאַט גמרה...

* *
*

איינמאָל איז אין קלויז געזעסן דער גר, ר׳ אברהם וואָלכאָוו. דאָס איז געווען אַן אַלטער ״קאַצאַפּ״ מיט אַ גרויסער לאַנגער באָרד, אַזאַ ברייטע און צעקוואַקסענע, וואָס האָט אַזש פּאַרשטעלט זיין גרויסע ריזיקע ברוסט. די יידן זיינען זיך שוין צעגאַנגען פון קלויז און ער איז נאָך געבליבן. ער האָט



נאָכגעקוקט די אַוועקגייענדיקע יידן און ער האָט אַלעמאָל אַרויסגעלאָזט אַ שווערן זיפץ... איז צו אים צוגעקומען אַ ייד, וועלכער האָט זיך נאָך אַ ביסל פאַרהאַלטן מיט זיין לאַנגזאַמען דאַווענען, אַ בעל־הבית אַ שניידער, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן גענייט טאָרבעס פאַר די פויערים, געאַרבעט אין זיין אייגענעם סאָד און גאָרטן, געהאַנטלט מיט ווייץ און קאָרן און דערצו האָט ער נאָך געפונען צייט לאַנג צו דאַווענען, לערנען אַ בלאַט גמרה און אויך שפּילן אויף זיין פידל. שמחה, האָט ער געהייסן, ר׳ שמה קראַוועץ, און גערופן האָבן אים די יידן פון אָכרימאָווע און פון אַלע געגנטן, אָרום און אַרום, ר׳ שמחה "פּאָפּערעק"...

— וואָס זיפצסטו אַזוי, ר׳ אברהם? — האָט שמחה געפרעגט.

— עך, ראַב שמחה, שמחה!... — האָט דער אַלטער גר ווידער זיך צעזיפט.

— נו, וואָס איז, דערציייל! — איז ר׳ שמחה צו אים צוגעשטאַנען.

עס איז שוין געווען שפּעט, נאָך מעריב... אין קלויז איז געווען טונקל... אַ פאַרכישופטע־פאַנטאַסטישע הייליקייט האָט אין דעם אָ בעט־הויז גערוט... און דער געשפּרעך צווישן די צוויי עלטערע מענטשן איז אַן אויסטערלישער געווען...

— פאַרשטייסט, ראַב שמחה, — האָט דער גר פאַמעלעך געצויגן, ווי באַקלערט יעדער וואָרט פון זיין ניי־דערוואָרבענער שפּראַך, — פאַרשטייסט... נו, לאָמיר זאָגן, אַז מיר נעמען לע־מאָשעל די... די ערד, גאָט׳ס ערד... עס איז אַ גאָלדענער זומער... די זון גלעט מיט אירע יידענע, פייערדיקע שטראַלן גאָט׳ס ערד... נו, און די ערד איז לע־מאָשעל אַ מיידל, אַ מיידל וואָס ווערט איצט צייטיק.. זי וויל, די ערד, מעוברת ווערן און געבן דער וועלט אַ קינד... און די שטראַלן פון דער זון גלעטן שוין מער ניט די ערד, נאָר זיי וואַרעמען זי, זיי וואַרעמען זי אַזוי, אַז זי הייבט אַזש אָן צו טריקענען און פון טריקעניש קרעכצן... זי לעכצט, די ערד, נאָך אַ ביסל טוי, זי וויל אַ רעגן, די ערד, כדי עס זאָל ווייכער ווערן דאָס פאַרשטיינערטע האַרץ, כדי זיך

באַפרוכפּערן, און אַן אָפּגעפרישטע ווידער אַמאָל אויפלעבן מיט פרייד און מיט גלוסט און מיט זוימיקער געשאַנק פון דער מוטער־טראַכט... נו, ראַב שמחה, פאַרשטייסטו מיך?...



— איך פאַרשטיי דיך, איך פאַרשטיי! — האָט ר' שמחה אויך אַ שווערן זיפץ געטאָן און ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו שפּאַנען איבערן פּאָלעש פון קלויז, אַהין און צוריק, אַהין און צוריק... זיינע טריט האָבן אָפּגעהילעכט און זיך געטראָגן ווי מיט אַ געוויין אַזש ביז צום הימל אַרויף. דערנאָך איז ער אַוועק צום אָרון קודש און איז געבליבן שטייען אַ ווײַלע... און פּלוצלים האָט ער אויסגעשריגן: — אברהם, אברהם!...

— איך הער דיך, ראַב שמחה! — האָט דער גר' געענטפערט.

האָט זיך ר' שמחה אַראָפּגעלאָזט פון דער בימה, אויף וועלכער דער ארון־קודש איז געשטאַנען, און ער איז צוגעקומען צום גר און צו אים געזאָגט.

— גאָט איז באַ אונדז איינער און דיינס אַ טאָכטער קען ווערן מיינס אַ קינד! זאָג, ווען מיינסטו, אַ וועלכע פון דיינע טעכטער?...

טרערן פון פרייד האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון דעם אַלטן גר'ס אויגן.

— יאָ, גאָט איז באַ אונדז איינער און דיינס אַ זון קען ווערן מיינס אַ קינד!.. דו ווייסט דען ניט ראַב שמחה, אַז אַלע מיינע זין און טעכטער זיינען שוין אויסגעגעבן און נאָר מיין יונגסטע, בראָכא, איר האַרץ ציט צו דיין יונגסטן זון, צו אבראַמען!..

— נו, און מיין אברהמ'עלע ווייסט וועגן דעם?..

דער אַלטער גר, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צום סטענדער, לעבן וועלכן ער איז געזעסן, און פאַרשעמט געזאָגט: — און איך האָב געמיינט, אַז דו ווייסט, אַז דיין אַבראַמקאַ זעט זיך מיט מיין בראָכאן!..

— אַ, וואָס? — האָט ר' שמחה אויסגעשריגן אָבער זיך באַלד זיך באַרויקט און שטיל געזאָגט — איז זאָל זיין מיט מזל, מחותן!..

און דאָס איז געווען די ערשטע חתונה אין שטעטל צווישן יידן און גרים. גאַנץ אָכרימאָווע האָט דאַן געקאָכט מיטן אויפטו פון ר' שמחה "דער פּאָפּערק"... אָבער זייער גיך האָבן אויך אַנדערע יידן זיך אָנגעהויבן צו משדך זיין מיט די גרים. גאַנץ אָכרימאָווע האָט געשמועסט:

— מקרב זיין אַ גר איז אַ גרויסע מצוה!..

שפעטער האָט אויך שרה, איינע פון ר׳ שמחה׳ס טעכטער, חתונה געהאַט פאַר אַ גר, אַ זון פון אברהם וואָלכאָווס אַ ברודער, יצחק וואָלכאָוו, וועלכער האָט געבויעט די ערשטע ציגאַלניע אין אָכרימאָווע. אברהם קראַוועץ מיט זיין ווייב ברכה און יצחק וואָלכאָוו מיט זיין ווייב שרה האָבן געלעבט גליקליך, אין יושר און אין כבוד און האָבן געהאַט פיל זין און טעכטער, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט אַנדערע יידן און גרים. יאָרן זיינען אַוועק און קיינער האָט שוין מער ניט געדאַכט און ניט געדענקט ווער עס שטאַמט פון די גרים און ווער עס שטאַמט פון די יידן.. אַלע זיינען געווען יידן !..

ר׳ ישראל קראַוועץ, דער עלטסטער זון פון ר׳ אברהם קראַוועץ און זיין מוטער ברכה, האָט חתונה געהאַט פאַר ביילען, די מ׳יחוסד׳דיקע בת־יחידה פון ר׳ שלום בערגעלסאָן, אַ ווייטער קרוב פון שימע־מאָטיע בערגעלסאָן, דעם גרויסן גביר, וועלכער האָט אין אָכרימאָווע אויסגעבויעט די גרויסע רויט־ציגלנע, דריי־שטאָקיקע מיעל, וועלכע האָט פאַרביטן אַלע ווינט־מיעלן און האָט געשעמט אין דער גאַנצער קיעווער און אומאַנער געגנט...

ר׳ ישראל און ביילע האָבן געהאַט צוויי זין און זיבן טעכטער. די עלטסטע טאָכטער האָט געהייסן בת־שבע. זי איז געווען זייער אַ קלוגע און זייער אַ שיינע. מע האָט זי אין שטוב גערופן געוויינליך־פּראָסט שייווע... מע האָט זי חתונה געמאַכט פאַר אַן אָרים יינגל, אַ יתום, וועלכער האָט געשטאַמט פון איינע פון די וואָלכאָווס משפחות. מאָטל, האָט דאָס יינגל געהייסן, און געווען איז דער אָ מאָטל אַן אמתער בן־תורה, אַ בל־תנ״ך׳ניק און אויך אַ קענער אין די קליינע אותעלעך פון דער גמרה, ווי אויך אין די פאַרשיידענע רוסישע ביכער און ביכלעך... און שייווע מיט מאָטלען האָבן געהאַט אַ קינד, אַ זינדעלע, וועלכן זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן אַלעקסאַנדער, נאָר גערופן האָט מען דאָס קינד סענדער. און ר׳ ישראל האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין ערשט אייניקל, זיין סענדערל...

אָט אַזוי אָ איז דאָס דאַמלס אָנגעגאַנגען אין דעם שטעטל אָכרימאָווע. עס איז געווען אַ שטיל רואיק לעבן מיט קליינינקע ענדערונגען, כאָטש גאָט׳ס ערד האָט זיך שוין געביטן און אויך דעם מענטשנס נשמה האָט זיך געענדערט... עס איז שוין געווען די צייט פון ערב דער רוסיש־יאַפּאָנישער קריג פון 1904, און ערב דער רעוואָלוציע פון 1905, און דערנאָך די פאָלגן: אַ כוואַליע פון רעאַקציע מיט גרויסע און קליינע פּאָגראָמען און פּאָגראָמעלעך אויף יידן...

* *
*

דער ערשטער גרויסער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן איבערן גאַנצן לאַנד, און כאָטש אין אָכרימאָווע איז דאָס אָפּגעגאַנגען גלאַט, און עס האָט זיך באַקומען ווי אַ ״שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער״, איז דאָס פאַר אָכרימאָווע

געוועזן געניג, אַז עס זאָל דאָרט צערודערן די מענטשליכע געמיטער און אַז עס זאָל ברענגען צו אַ טראַגעדיע פון אַ משפחה, אַזוי צו זאָגן "אַ פערזענליכע טראַגעדיע"...

אַלץ האָט פּאַסירט אין צייט פון איין וואָך... די קעלטן זיינען שטייען געבליבן אין אַ צושטאַנד פון אומאויפערליכע שניי־זאַווערוכעס. די שנייען זיינען געווען אַזוינע טיפע, אַז עס האָט אַזש פאַרשאָטן די נידעריקעביידלעך פון דער אָרימער גאַס און פון דעם קלויסטערל, אויף דער טאָרהאָוועצע, דעם מאַרק־פּלאַץ, האָט מען אַרויסגעזעען נאָר דעם שפּיץ פון דעם צלם... דערפאַר, אָבער, האָט דער גרויסער קלויסטער פון אונטערן שטעטל געקלונגען אין זיינע קופּערנע גלעקער אָן אויפער, ווי צו אַ חגה, כאָטש עס איז געווען אַ געוויינליכע פּראָסטע וואָך...



דער אַלטער גלח פון אָכרימאָווע איז שוין געהאַט פון לאַנג געשטאָרבן, טאַקע גיך נאָך די שלשים נאָך ר' אברהם קראַוועץ. קיין אָכרימאָווע איז אַראָפּגעקומען אַ נייער גלח, פּאָטערל גאָנטאַ האָט מען אים גערופן. דער נייער גלח, האָט געפּרואווט לעבן מיט די יידן גוט. ער האָט אפילו ליבליך אונטערגעשמייכלט צו די יידן. ער האָט אויך אַרענדירט דעם עפּל־סאָד צו ר' ישראל קראַוועץ, אַזוי ווי דער פריערדיקער גלח האָט דאָס געטאָן. אָבער אין זיין "גוטסקייט" און אין זיין שמייכל האָט זיך געשפּירט אַ באַהאַלטענע פאַרדאָרבנקייט, און יידן האָבן צו אים קיין גרויס צוטרוי ניט געהאַט... און ווען די גלעקער פון זיין קלויסטער האָבן זיך אָן אויפער איין טאָג נאָך אַן אַנדערן, אַ גאַנצע וואָך צעקלונגען האָט עס אויף די יידן אָנגעוואָרפן אַ שרעק...



# מנשיה — אַן ערד־פּאַס, אַ "סטריפּ", אין דעם הייליקן לאַנד

— מנשיה, — אַ געגנט צווישן צוויי שטעט.

דאָס יידישע מנשיה פון דער שטאָט תל־אביב שטייט האַרט אַריינגערוקט, פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט אין דעם אַראַבישן מנשיה פון דער שטאָט יפו. אַלץ־איינע הייזער מיט קופּאַל־אַרטיקע טורעמס, מיט פלאַכע דעכער, מיט האַלב־קיילעכדיקע און פאַרשניצטע אָריענטאַלישע טיר און פענצטער, מיט רחבותדיקע הייף, אין וועלכע עס זיינען אויסגעלייגט גלאַנציקע ברוינע און שוואַרצע פליטן־שטיינער. עס שטייען דאָרטן קליינע סעדעלעך וואו עס וואַקסט באַנאַנען־ביימער, בלומען און פייגן־פּאַלמעס.

איצט איז דאָ אין דער געגנט, יעדע צווייט און דריט הויז אַ חורבה און יעדער צעוואַלגערטע וואַנט זעט אויס ווי אַן אַלטע מצבה פון פאַרצייטנס...

.1

אין דער געגנט, צווישן די צוויי שטעט, געפינט זיך אַ יידיש הויז.

אין דעם יידישן הויז אַזוי ווי אין די אַרומיקע אַראַבישע הייזער גייט דורך דאָס גאַנצע לעבן פון די שכנים נישט אַזוי אין די שטיבער, ווי אויף די ברייטע וועראַנדעס פון דעם גרויסן הויף. אינגאַנצן זיינען אין דעם הויז דאָ צוועלף דירות און יעדע דירה הויבט זיך אָן מיט אַ גרויסער וועראַנדע אויף צוויי טרעפּלעך אַרויפצוגיין. אין דעם הויף איז דאָ אויך אַ סעדל, שטייט אין אים אַן

אַלטער בוים אויף וועלכן עס וואַקסט רויטער פעפער און עס טראָגט זיך פון דעם בוים אַזאַ מחיהדיקער פעפערדיקער גערוך. עס שטייען אויך אין דעם סעדל צוויי אַלטע פּאַלמעס, אַ באַנאַנע־בוים און עטלעכע יונגע אַקאַציע־בוימעלעך. אין סאַמע עק, לעבן אַ טויבער וואַנט איז דאָ אַן אַלטער, קיילעכדיקער שטיינערנער ברונעם. קיינער פון די שכנים נעמט שוין נישט פון אים קיין וואַסער, וואָרן אין זייערע דירות זיינען דורכגעפירט וואַסער־רערן, מיט קראַנען, מיט קאַנאַליזאַציע און מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן. דער ברונעם שטייט דאָ בלויז ווי אַ זכר פון פאַרצייטנס...

דער ערשטער איינוואוינער פון דעם הויז: אַ זיבעציק־יאָריקער ייִד, וואָס שטאַמט פון אַ יידיש שטעטל פון ערגעץ אין דעם אַמאָליקן רוסישן וואָלין. ער האָט זיך נאָך מיט פערציק יאָר צוריק דאָ באַזעצט. ער איז געווען דער ערשטער אשכנזער ייד אין דער געגנט צווישן דער אַלט־איינגעזעסענער אַראַבישער יפו און דעם ניי־וואַקסנדיקן יידישן תל־אביב. דעם הויף וואו דער ערשטער "ווייסער" ייד האָט זיך באַזעצט, האָט מען אָנגעהויבן רופן אויף זיין נאָמען: רב אלחננס הויז.

רב אלחנן איז לויט זיין פאַך אַ סטאָליער. ער מאַכט שראַנקן, בעטן, טישן און בענקלעך. דעם פאַך האָט ער אויסגעלערנט דאָ אַ פּאָר צענדליק יידן און אַ טוץ אַראַבער. געקומען איז ער קיין ארץ־ישראל, נאָר מיט אַ ווייב און דאָ, אין "זיין" הויז, האָט ער אָנגעהויבן אויסכאַוון קינדערלעך איינס נאָכן צווייטן. פריער צוויי טעכטער און דערנאָך פינף זין. אַלע קינדער זיינען אויסגעוואַקסן שיין און געזונט, זיי האָבן חתונה געהאַט און זיך צופאָרן איבערן לאַנד. איין טאָכטער איז אַוועק אין אַ קיבוץ ערגעץ ביים ים המלך און דאָרט האָט זי חתונה געהאַט און זאָגט, אַז זי לעבט גליקלעך. אַ צווייטע טאָכטער וואוינט אין חיפה און האָט שוין איצט אויפן הר הכרמל אַן אייגן הויז. דער עלטערער זון איז ערגעץ אין אַ דאָרף ביי טבריה, אַ צווייטער זון וואוינט אין ירושלים, אַ דריטער זון לעבט אין צפת, אַ פערטער זון איז דאָ אין תל־אביב אַן אָנגעשטעלטער פון שטאָט־ראַט, און דער פינפטער זון, דער מוזינעק, מענדל איז אין די מלחמה־יאָרן געווען אַ חייל פון דער יידישער בריגאַדע, דערנאָך אַ שליח אין אַ "באַפרייטן לאַגער פון דייטשלאַנד, און ער איז דאָ נישט לאַנג צוריקגעקומען. ער, דער מוזינעק האָט נאָך נישט געהאַט קיין צייט ביז איצט חתונה צו האָבן, כאָטש אויף אים וואַרט שוין פון לאַנג די שוואַרץ־חנעוודיקע "צברה", רחל, וואָס וואוינט טאַקע דאָ ביי "זיין טאַטן" אין הויז...

אַרום און אַרום איז דאָס הויז אַרומגערינגלט פון האַלב־יידישע און האַלב־אַראַבישע הייזער, מיט גאַסן, וואָס טראָגן דעם נאָמען פון **בעל שם טוב**, **שאַבאַזי** און **עין יעקב**, מיט אַ בית־המדרש פון חב"דער חסידים, מיט ישיבות און תלמוד־תורות און מיט אַן אַראַבישן מאַרק ווי מע פאַרקויפט האַלב אומזיסט אָראַנזשן, לימענעס, טאָמאַטן, באַנאַנעס און אַלטע הויזנס מיט

געלאַטעטע שיך... די אַראַבישע סוחרים זיינען ווילד אין זייער האַנדל און פאַלן אַריין אין אַ "הייליקן" עקסטזאַ ביים אויסרופן זייערע סחורות, זיי כאַפּן אָן די יידישע קונים פאַר די פּאָלעס און שרייען צו זיי אויף אַלע "זיבן" לשונות:

— חביבי קויף! שני גרוש, צוויי פּיאַסטער, גוטע לימענעס, באַנאַנען, אַי, אַי גוט, טוב מאד!...

און דאָנערשטיק פאַרטאָג ווען די זון גיט נאָר אַ וואָרף איר בינטל שטראַלן איבער די שמאָלע געסלעך פון דער צווישן־שטאָט "יפו־תל־אביב" אַזוי באַווייזט זיך אין "רב אלחננס" הויז דער גראָבער אַראַבער אַבדאללא מיט צוויי ווייסע הינער אין די הענט. ער גייט און קאַטשעט זיך ווי אַ פעסל, זיינע ברייטע הויזן שלעפּן זיך פון אונטן אים נאָך און דער שוואַרצער קוטאַס אויף דער רוטער פעסקע, קאַטשעט זיך אין טאַקט פון זיין גאַנג. פון זיין קיילעכדיק, פול־פליישיק פּנים לאַכן אַרויס צוויי קליינע גרינע אייגעלעך. ער שרייט אויס:

— יידן, עופות אויף שבת!..

ווייבער באַגעגענען דעם גראָבן אַבדאללא מיט אַ רויש און פריידיקן געלעכטער. מ׳באַטאַפּט די עופות און מ׳הויבט זיך אָן דינגען אויף יידיש, עברית, אַראַביש און אַפילו אויף רוסיש. אַבדאללא קען פיל שפּראַכן, זיין אַזיאַטישער מוח כאַפּט אויף פרעמדע ווערטער זייער לייכט. פון זיין פול פּנים גיסט זיך דער שווייס און ער ווישט אים אָפּ מיט אַ פּאָלע פון זיין פאַרביקן כאַלאַט, ער שווערט זיך און לאַכט, ער ווערט צעשמאָלצן פון תענוג:

— חביבתי, בנאמנות, פערציק גרוש אַ הוהן... אַללא איז מיין עדות, איך קען נישט ווייניקער נעמען!...

מ׳פאַרגלייכט זיך מיטן פּרייז. אַבדאללא געזעגנט זיך גאָר פריינטלעך, ער ווינטשעוועט יעדערן אַ "שבת שלום" און קייקלט זיך פון הויף אַרויס.

.2

**שבת בייטאָג פלעגן אַלע שכנים זיך צענויפנעמען אין דעם גרויסן הויף, העט, ביי דער טויבער וואַנט, לעבן שטיינערנעם ברונעם און שמועסן צווישן זיך. זייער אָפט פלעגט אויך פון אַנטקעגנאיבער אַ שכן, אַן אַראַבער קומען, זיך אַוועקזעצן מיט די פיס אונטער זיך און אויך זיך באַטייליקן אין שמועס. און געשמועסט האָט מען וועגן "פּאָליטיק", וועגן דעם, אַז אַט־אָט וועלן ערגעץ מעבר לים זיך צונויפקומען די "גרויסע" פון דער וועלט און מ׳וועט באַשטימען: "שלי שלי, שלך שלך" — "דאָס געהערט אונדז און דאָס געהערט אייך", מ׳וועט צוטיילן דאָס לאַנד, אַ העלפט פאַר יידן, אַ העלפט אַראַבער און עס וועט ווערן גוט צו לעבן...**

רב אלחנן פלעגט אין אַזוינע מינוטן גאָר שיינען. ער האָט געגלעט זיין שיווע באָרד מיטביידע הענט און די אַלטע אויגן האָבן זיך צעפינקלט פון פרייד:

— אַי, אַי, קינדערלעך, ווען מיר נאָך דערלעבן דאָס גליק?... פּערציק יאָר חלום איך וועגן דעם, פּערציק יאָר... שוין זשע וועל איך נאָך האָבן די זכיה צו זען ווי עס ווערט פאַרווירקלעכט דער יידישער טרוים?...

דער תימנער ייד, גדליה הלוי, האָט אַ צאָקע געטאָן מיט דער צונג און מיט אַ ניגון אָנגעהויבן:

— רבותי, ארץ־ישראל דאַרף זיין אונדזערס פון ביידע זייטן ירדן!...

דער נייער עולה, דער שניידער, מרדכי וואַגלער, האָט אַ זיפץ געטאָן:

— יידן וועלן קומען צו אַ ברעג, מ׳וויל אַ היים, מ״בענקט... אַי, וויפל יידן ס׳זיינען אין די לאַגערן אומגעקומען!... מ׳האָט אונדז געשאָסן, פאַרברענט און פאַרגאַזט. — פאַרוואָס?...

דער שכן, דער אַראַבער, — דאָס מאָל איז דאָס געווען, דער גראָבער אַבדאַללאַ, — האָט זיך אַ וויג געטאָן מיט זיין גרויסן קערפּער, ער האָט אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ אויף אַ זייט אַזוי אַז דער שוואַרצער קוטאַס פון דער רויטער פעסע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן:

— עס פּוסטעוועט געגנוג באַדן אין דער מדבר. זאָלן אייערע ברידער קומען. אונדז איז דאָך בעסער, ס׳איז דאָ מיט וועמען צו האַנדלען. איר, יידן, פלאַנצטביימער אויף די הוילע בערג און זייט ברויט אויף די גרויע זאַמן... אַללאַ איז מיין עדות, מיר זיינען צופרידן... אָבער די הערשער די עפענדיס?...

— הע, אַבדאַללאַ! — האָט מענדל אויסגעשריגן — די עפענדיס און אַנדערע הערשער זיצן אייך אויפן קאַרק און איר שווייגט!...

אָט אַזוי־אָ, אין שטילקייט און אין שלום האָט מען געלעבט יאָרן לאַנג אין דעם יידישן הויז, וואָס שטייט אין דער סאַמע מיט צווישן צוויי שטעט.

.3

איינמאָל איז אין הויז אַריין אַן אייזל און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים קיילעכדיקן, שטיינערנעם ברונעם און האָט אָנגעהויבן צו ריטשען:״א — ע, א — ע״! די שכנים זיינען באַלד אַרויס, האָבן אָנגעטרונקן און אָנגעהאַדעוועט דעם אייזל און רחלס ברודערל, דאָס בר־מצווה יינגל, נתן, האָט זיך אויף דעם אַוועקגעזעצט רייטנדיק און איז אַרויסגעפאָרן פון הויז און איז ארומגעפאָרן איבער דעם גאַנצן אַראַבישן מנשיה און האָט געשריגן מיט אַ געזאַנג פון מעביר זיין די סדרה:

— ברידער אַראַבער, ס׳איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אַן אייזל, ווער ס׳איז דער בעל הבית, זאָל עס נעמען!

טיר און טויער האָבן זיך צעעפנט. עס זיינען אַרויס אויף די שמאָלע, צעקרימטע געסלעך שוואַרצע און ברוינע אַראַבער מיט געקרייזלטע בערד, מיט ברענענדיקע שוואַרצע, צעווילדעוועטע קינדערשע אויגן, מיט ווייסע

טוכן און רויטע פעסקעס אויף די קעפּ, מיט ברייטע הויזנס און לאַנגע געקווייטלטע כאַלאַטן. עס זיינען אויך אַרויס די ווייבער זייערע, באַהאָנגענע מיט שווערע זילבערנע און קופּערנע מטבעות פון קאָפּ ביז די פיס, מיט גילדערנע נאָז־בענדער און מיט מגושמדיקע בלוי־טאַטואירטע פּנימער. אייניקע פרויען זיינען מיט שוואַרצע טוכן געווען פאַרדעקט פון קאָפּ אַראָפּ איבער די פּנימער. און דאָס יונגוואַרג, יינגלעך און מיידלעך, מיט זייערע שוואַרצע געקרייזלטע קעפּלעך זיינען גאָר געווען ענלעך אויף תימנער יידישע קינדער. יעדער פון די אַראַבער האָט באַטראַכט און באַטאַפּט דעם אייזל, געצאַקעט מיט די צונגען "טצע־צע", געשאָקלט מיט די קעפּ און מ'איז אַוועקגעגאַנגען:

— ניין, נישט אונדזער אייזל.

האָט נתן זיך צוריק אומגעקערט אַהיים אַ פאַרזאָרגטער; אין זיינע קינדערשע שוואַרצע אויגן איז פיל צער געבען, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געצאָקעט מיט זיין צינגעלע אַזוי ווי דאָס טוען די אַראַבער און די תימנער יידן:

טצע־טצע... אַ פאַרבלאָנדזשעטער אייזל. דער בעל הבית זוכט אים, ער האָט אַ שאָדן, דער בעל הבית, און דער אייזל שטייט דאָ און שווייגט...

רחל האָט מוטערלעך אַ גלעט געטאָן איר ברודערל איבערן קאָפּ און מיט אירע שיינע שוואַרצע אויגן אין וועלכע עס האָט זיך צעגאָסן אַ ים מיט רחמנות און גוטסקייט צו מענטשן, האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן. פון אירע רויט־פאַרביקע ליפּן האָט זיך אַראָפּגעריסן אַ מילדער שמייכל און די חן־גריבעלעך אין די פולבלעכע באַקן האָבן זיך צעשפּילט. זי האָט געזאָגט:

— אויב ס'וועט זיך ביז מאָרגן נישט אָפּזוכן דער בעל הבית פון אייזל, גיב איך אַ מעלדונג אין צייטונג. און דערווייל נתן, וועלן מיר ביידע אַכטונג געבן, אַז ער זאָל האָבן וואָס צו עסן און ס'זאָל אים זיין גוט ביי אונדז.

און דאָ איז אָנגעקומען מענדל רב אלחננס זון, ער האָט אַרומגענומען זיין געליבט מיידל און האָט זיך אַרומגעקוקט אַביסל אַ פאַרשעמטער אויף די שכנים פון הויף.

— איך האָב געזען ווי ענגלענדער האָבן אַן אַראַבער אַרעסטירט. זיי האָבן אים פון אייזל אַראָפּגעשלעפּט. דער אייזל איז אַנטלאָפן. מ'זאָגט, אַז דער אַראַבער איז אַ פרעמדער, פון סיריע אַהער געקומען. עס וואָלט זיי נישט געאַרט די ענגלענדער, עס קומען דאָך יעדן טאָג צו אונדז אַריבער אַראַבער, זיי זיינען דאָך נישט קיין מעפּילים.. נאָר דער איז אַ גנב אַזאַ, אַז ער האָט שוין באַוויזן די ערשטע טעג אויף אַן ענגלענדער צו באַגנבענען... אָבער נישט־קשה, די ענגלענדער וועלן אים אַזוי לאַנג האַלטן ביז זיי וועלן אים אַרויסלאָזן...

רחל האָט אַ קוק געטאָן אויף מענדלען, זיינע בלאָנדע האָר זיינען אים

אַראָפּגעפּאַלן איבער דעם הויכן ברוינלעכן שטערן. זי האָט געפרעגט:

— מיינסטו, אַז דער אייזל איז זיינער?

— ניין, איך מיין, אַז דער אייזל איז אויך אַ געגנבעטער!... אָבער דערווייל זאָל ער דאָ אומשפּאַצירן ביי אונדז אין הויף, — און ער האָט זיך צום יינגל געווענדעט: — נתן, בינד אים צו, דעם אייזל צום ברונעם...

.4

די גוטע בשורה האָט די ירושלימער ראַדיאָ־סטאַנציע אָנגעזאָגט אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט. דער גאַנצער הויף איז דאַן געווען וואַך. מ׳האָט געוואַרט מיט קלאַפּנדיקע הערצער. עס האָט יעדע פּיצעלע מענטשלעכער גוף, יעדער צעלטעלע, געפּיבערט און געציטערט. און אין מוח האָט אַ פּינטעלע געעגבערט: ״יאָ צי ניין...״ און באַלד האָט דער ראַדיאָ־זענדער אויסגעשריגן דעם לאַנג־דערוואַרטן, דעם בענקנדיקן: — יאָ!...

— מדינה!... די פעלקער פון דער וועלט מיט דער גרעסטער מערהייט, 33 קעגן 13 האָבן באַשטימט: מדינה יהודית.

ערגעץ האָט מען שוין געפּאַטשט אין די הענט, עס האָבן זיך אָנגעצונדן פאַקלען און עס האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג. און דאָ אין הויף איז מען נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע ווי פאַרגליווערט. דער אַלטער רב אלחנן, האָט זיך געהאַלטן מיט אַ האַנט ביים האַרצן און טרערן האָבן זיך ביי אים געפלאָסן איבערן געזיכט. ער איז קוים געקומען צו זיך:

— יידן, קינדער, וואַרט!... זינגט נאָך נישט, טאַנצט נאָך נישט, לאָמיך פריער... — און ער האָט מיט אַן אַלט צעבראָכענעם ניגון, דאָך אַזוי באַטעמט און זיס זיך צעזונגען: — שהחיינו וקימנו לזמן הזה!...

אַלע האָבן אויסגעשריגן אין כאָר: ״אמן״. און מ׳האָט זיך אַרומגעכאַפּט קושן איינס מיטן אַנדערן. מ׳האָט זיך אָפּגעגעבן שלום און מ׳האָט זיך אָנגעהויבן צו ווינטשעווען...

טאַטע, מאָרגן שטעלן מיר אַ חופּה...

— קינדער מיינע, — האָט דער אַלטער זיי אַרומגענומען און דערנאָך אויפגעהויבן זיינע ציטערדיקע הענט איבער זיי...

און אין הויף איז מען אַוועק אַ טאַנץ. די שכנים פון די צוועלף שטיבער, די ווייבער מענער און קינדער האָבן געפּלעסקעט מיט די הענט, געזונגען די הורה און מ׳האָט אין אַ קאַראַהאָד געהויבן די פיס צוקלאַפּנדיק מיט די אָפּצאַסן. דער אַלטער האָט פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן צו זיינע קינדער:

— מענדל, רחלע, וואָס שטייט איר, אַ נו באַווייזט נאָר וואָס איר קענט!... טאַנצט אַ פריילעכס, טאַנצט פאַר נעכטן, פאַר היינט און פאַר מאָרגן...

מענדל און רחל האָבן אָנגעכאַפּט דעם טאַטן פאַר די הענט און אים

אַריינגעשלעפּט אין דעם טאַנצנדיקן קאַראַהאָד, מיט אַ יונגן, קרעפּטיקן און פרײלעכן געזאַנג: "דוד מלך ישראל חי וקיים"; און דאָ האָט דער אַלטער זיך אַרויסגעריסן פון די קינדערס הענט, אַראָפּגעכאַפּט פון זיך די קאַפּאָטע, זי אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד און האָט אַ טופּע געטאָן מיט די פיס, אַ הויב געטאָן די הענט און האָט זיך אָנגעהויבן האַסטיק זיך צו טראָגן איבער דעם גרויסן הויף. פלינק ווי אַ יינגל האָט דער אַלטער אלחנן געהויבן די פיס און זיי אַראָפּגעלאָזט צו די גלאַנצנדיקע ברוינלעכע שטיינער־פליטן מיט וועלכע דער הויף איז ברוקירט. דער קאַראַהאַד איז געוואָרן גרעסער און גרעסער. די שכנים האָבן איצט געזונגען אַ יידיש חסידישן ניגון און האָבן צוגעפּלעסקעט מיט די הענט און דער אַלטער רב אלחנן האָט זיך געהאַלטן אין איין טראָגן איבערן הויף און אין איין טאַנצן און טאַנצן...

אַזוי־אָ האָט מען באַגעגנט די אויסגעבענקטע בשורה וועגן אַ יידישער גאולה, אַ יידישע מדינה. אַ גאַנצע נאַכט ביז טאָג האָט מען געהוליעט, געזונגען און געטאַנצט. ערשט צו טאָג צו, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען אויף דעם ליכטיק־בלויען הימל און מיט גאָלד און פרייד זיך צעגאָסן איבער די גלאַטע דעכער פון די הייזער און איבער זייערע קופּאַל־אַרטיקע טורעמס, איז מען זיך געגאַנגען לייגן שלאָפן.

אויפן אַנדערן טאָג איז אין "רב אלחננס הויז" אַריינגעקומען דער גראַ..ר אַראַבער אַבדאַללאַ, ער איז געגאַנגען און זיך געקאַטשעט ווי אַ פעסל, און נאָ־ אים איז נאָכגעגאַנגען אַן אומבאַקאַנטער, שוואַרצער אַראַבער, מיט אַ פריש־ אָפּגעראַזירט פּנים און מיט קליינינקע אַרומגעשווירענע שוואַרצע וואָנסעלעך, ווי שוואַרצע שנירעלעך. אַבדאַללאַ האָט צוגעפירט דעם אומבאַקאַנטן אַראַבער צום ברונעם, לעבן וועלכע עס איז געשטאַנען אַ צוגעבונדענער, דער אייזל און ער האָט אָנגעוויזן די נייגעריקע שכנים אויף דעם אומבאַקאַנטן:

— דער בעל־הבית איז נאָכן אייזל געקומען.

ווען ביידע אַראַבער זיינען מיטן אייזל אַוועק האָט נתן, דאָס בר־מצווה יינגל מיט טרערן אין די אויגן אַ קוק געטאָן אויף רחלן:

— רחל, רחל, זאָג מיר נאָר, פאַרוואָס האָבן אַלע שכנים מיט חשד אויף דעם פרעמדן אַראַבער געקוקט?...

רחל האָט אַ זיפץ געטאָן:

— האָסט זיך שוין אַליין אַן ענטפער געגעבן, נתן. אַ פרעמדער אַראַבער...

.5

די מהומה האָט זיך אָנגעהויבן אויפן דריטן טאָג, נאָך דער דערקלערונג, אַז די פאַראייניקטע פעלקער האָבן באַשטימט צעטיילן דאָס הייליקע יידישע לאַנד אויף צוויי באַזונדערע מדינות, אויף אַ יידישער און אַן אַראַבישער. ביי רב אלחננ׳ען אין שטוב איז מען געזעסן אַרום טיש און מ׳האָט פאַרענדיקט דאָס

עסן. רב אלחנן איז געזעסן אויבן אָן און פוןביידע זייטן, לעבן אים, מענדל און רחל, ערגעץ פון דער נאָענט האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. ס׳איז געווען אַזוי נאָענט, אַז ס׳האָט זיך אַפילו געהערט דאָס פייפן פון דער פליענדיקער קויל. מענדל האָט זיך אויפגעהויבן:

— ס׳איז דאָ פון אַנטקעגן איבער, פון אַן אַראַביש הויז...

ער האָט נישט באַוויזן פאַרענדיקן זיין געדאַנק, ווי ס׳האָט זיך באַלד דערהערט אַ צווייטער און אַ דריטער שאָס. מענדל איז צו צום בעט און פון צווישן דעם מאַטראַץ האָט ער עפּעס אַרויסגעכאַפּט און אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. רחל האָט דאָס באַמערקט.

— מענדל, זאָג וואָס ווילסטו טאָן?...

— איך וועל גיין אַ קוק טאָן!...

איך גיי מיט דיר.

וואַרט...

אָבער וואַרטן איז שוין נישט געווען מער צו וואָס. עס האָבן זיך דערהערט האַרצרייסנדיקע קולות און אַ פלאַם־פייער מיט אַ שוואַרצן רויך האָט זיך צום הימל געטראָגן. באַלד איז אָנגעלאָפן גדליה הלוי, דער תימנער ייד, און האָט מ׳יז אַ וויינענדיק קול אויף אַ ניגון אויסגעשריגן:

— רבותי, עס ברענען יידישע הייזער, אַראַבער שיסן אויף יידן!...

וואוהין מענדל איז אַהינגעקומען האָט קיינער נישט געוואוסט. רחל מיטן אַלטן רב אלחנן האָבן אַ גאַנצע טאָג אויף זיך געטראָגן קלימעקעס בעטגעוואַנט, קישענס, קאָלדרעס, זעק און קאַסטנס אַרויסגעראַטעוועטע פון ברענענדיקע יידישע הייזער. פון אַרום רב אלחננס הויז, פון די הייזער, וואָס זיינען באַזעצט פון יידן מיט אַראַבער, האָבן זיך די יידן שטילערהייט אַרויסגערוקט און מ׳איז געקומען צו־לויפן צו רב אלחננען. אויך פון די הייזער, וואָס די אַראַבער האָבן אונטערגעצונדן זיינען יידן געלאָפן אַהער, ווייל מ׳האָט געוואוסט אַז דאָ וואוינען בלויז יידן, דאָס הויז איז אַ שטאַרקס, אַ הויך־געמויערטס און ווען מ׳פאַרמאַכט דעם אייזערנעם טויער, איז מען דאָ ווי אין אַ פעסטונג.

ס׳איז שוין געווען אַ פולער הויף מיט יידן, מערסטנטייל ווייבער מיט קינדער. דעם אייזערנעם טויער פון הויף האָט מען פאַרמאַכט און רחל, נתן און רב אלחנן זיינען געשטאַנען אונטערן טויער און האָבן אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרונע צי עס לויפט נישט קיין ייד, וואָס וויל ראַטעווען זיין לעבן. נישט רב אלחנן און נישט רחל האָבן מענדלס נאָמען דערמאָנט, אָבער אין האַרצן האָבן זיי זיין נאָמען געטראָגן און פאַר די אויגן איז ער זיי געשטאַנען...

און דאָ איז אָנגעפאַלן מיט אַמאָל די נאַכט, אַזוי ווי עס גיט זיך אויס אין

ארץ־ישראל. דער אויפדערנאַכט קומט מיט אַמאָל אָן אַ פאַרנאַכט... עס האָבן שוין געדונערט די גאַסן פון די באָמבעס מיט וועלכע די אַראַבער האָבן יידישע דירות און יידישע קראָמען באַוואָרפן. דאָס פייער פון די אויפגעריסענע און ברענענדיקע יידישע הייזער האָט זיך געטראָגן אין דער לופט און אַרויף צום הימל, וועלכער איז געוואָרן רויט פון דעם בראַנד און בלוט. מ׳האָט דערהערט די קולות פון די ווילד־געוואָרענע אַראַבער, וואָס זיינען אומגעלאָפן איבער די גאַסן מיט זעק אין וועלכע זיי האָבן געוואָלט דאָס געראַבעוועטע יידישע גוטס אַריינלייגן:

— עליהום, אַטבאַח אל יאהוד!*)

ביסלעכווייז האָבן זיך יידן מיט ווייב און קינדער אָנגעהויבן אַרויסרוקן פון רב אלחננס הויז. אויף זייער אָרט האָבן זיך אַריינגעשמוגלט יונגע בחורים און מיידלעך מיט פולע טאַשן און פעקלעך, מיט זעק און פעק און מיט ביקסן אין די הענט. מ׳האָט אויסגעריסן עטלעכע פליטן־שטיינער פון הויז און מ׳האָט אָנגעהויבן גראָבן די ערד און אָנפילן זעק מיט ערד, ליים און זאַמד. אין דרויסן, אַרום טויער און אַרום דעם הויף האָט מען די זעק מיט ערד געטראָגן, זיי אויסגעלייגט איינס אויפן אַנדערן און מ׳האָט געמאַכט באַפעסטונגען. די אַראַבער האָבן דאָס באַמערקט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי פון אַנטקעגן איבער און אַרום פון די אַראַבישע הייזער צו רב אלחננס הויז. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט די אַרבעט פון די מוטיקע יידישע קעמפער. מ׳האָט פאָרגעזעצט טראָגן פולע זעק מיט ערד אַרום הויז... און פלוצלונג האָט זיך פון יענער זייט טויער דערהערט אַ וויי־געשריי מיט אַ קרעכץ. — מענדל האָט אויף די הענט אַריינגעטראָגן אין הויף אַ פאַרבלוטיקט יינגל און אים אַראָפּגעלאָזט אַ טויטן אויף דער ערד. נתן, דאָס בר־מצווה יינגל, איז געלעגן אויף דער ערד אין טייך פון זיין אייגן בלוט און האָט געקוקט מיט זיינע פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל, גלייך ווי ער וואָלט געפרעגט: ״פאַרוואָס?...

רחל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און האָט אַרומגענומען דאָס יינגל, זי האָט אים אַ קוש געטאָן, דעם טויטן ברודערל אירן, אין די פאַרגליווערטע געשלאָסענע ליפּן און האָט אויסגעשריען:

— נתן, פאַר דיין טויט וועלן די שונאים מיט הונדערטער טויטע באַצאָלן. און איך שווער דיר, אַז ווען אַרום און אַרום וועלן די הייזער פון די אַראַבער ברענען, וועט אונדזער הויז שטיין גאַנץ און דאָס וועט זיין דער דענקמאָל פאַר דיין אומשולדיקן טויט!...

זי האָט זיך אויפגעהויבן און מיט אַ געשריי: ״נקמה״ האָט זי זיך געלאָזט אַרויס פון טויער. אין האַנט האָט זי אַ באָמבע געהאַלטן. מענדל איז איר נאָכגעלאָפן מיט אַ געשריי: ״רחל!...״ אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. עס

*) אויף זיי, אַ שחיטה אויף די יידן.




האָט זיך דערהערט אַ דונער, אַ וואַלגער פון שטיינער און אַ פלאַם פייער איז אויפגעגאַנגען צום הימל. דאָס אַראַבישע הויז, דאָס זעלבע הויז, אין וועלכן דער גראָבער אַראַבער אַבדאללאַ האָט געוואוינט איז אויפגעריסן געוואָרן. אונטער די שטיינער איז געבליבן ליגן אַ טויטער אַבדאללא מיט זיין ״גאַסט״, דעם פרעמדן אַראַבער...

*

* *

דער קאַמף פאַר פאַרווירקלעכן די יידישע מדינה גייט ווייטער. דאָס יידישע הויז צווישן די צוויי קעמפנדיקע שטעט שטייט נאָך אַלץ גאַנץ צווישן די צענדליקער חורבות פון אָפּגעברענטע, אונטערגעצונדענע און אויפגעריסענע יידישע און אַראַבישע הייזער. דאָס הויז שטייט ווי אַ פעסטונג און באַשיצט די גאַנצע יידישע אומגעגנט פון די באַנדעס וואָס זיינען אַהערגעקומען פון די זיבן אַראַבישע לענדער, וואָס אַרום ארץ־ישראל.

**סוף.**

אַפּריל 1948 יאָר

יידישער פראָנט צווישן תל אביב און יפו.

# טיליע

## (אַ ביאָגראַפישע־פּיקשן דערציילונג)

דער חודש מאי איז דער אָנהויב פון לעבן. עס איז פרילינג. עס איז אַ צייט וועןַ די גאַנצע נאַטור ווערט ווידער אויפגעלעבט נאָך די "טויטע" ווינטער טעג. דער ליבער גרינער פרילינג זעט אויס ווי צו זיין אַ גן־עדן מיט דער אויפוואַכונג און וואוקס פון גרינע בלעטער אויף די ביימער, גרינע גראָזן אויף דער ערד, גרינע גערטנער וואָס צעשיינען זיך פלוצלים מיט יונגע, פילפאַרביקע רויזן, און... אויך יונגע בליענדיקע און שיינעדיקע מענער און פרויען אויף די גאַסן פון דעם טומלדיק־זומערדיקן ניו־יאָרק.

היינט איז אַ גאָלד־שיינענדיקער פרילינג טאָג. און כאָטש די זון האָט געשיינט פאַר דער גאַנצער וועלט, האָט זי היינט ניט געשיינט פאַר מיר, ווייל היינט איז מיין טרויער טאָג, אַ יאָרצייט נאָך מיין פאַרלוירענער ליבע, נאָך מיין געזאָגנג פון לויב און תפילה. מיר האָט זיך געדוכט, אַז די זון איז פאַרשוואונדן, עס איז געוואָרן פינצטער און עס לײאָפּעט אַ רעגן אָן אויפער. די נאַטור וויינט מיט מיר.



**Tillie Young Weinrauch**

"She opened her mouth with wisdom; and in her tongue is the law of kindness." *(Proverbs 31:26)*

*"The life of the dead is in the memory of the living"*

זיץ איך איצט ביי מיין שרייב־טיש לעבן דעם גרויסן, פון וואַנט צו וואַנט, פענצטער, וואָס קוקט אַראָפּ צום אָדסאָן־טייך. דריי ספרים ליגן פאַר מיינע אויגן: דער "תהילים", שיר השירים", און "קהלת." מיט טרערן אין מיינע אויגן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ זינג איך אויס די ווערטער פון דעם גרויסן דיכטער, מלך דוד:

"אָ, הייבט אויף, איר טויערן, אייערע קעפּ,
און הייבט אייך אויף, איר אייביקע טירן,
און זאָל אַריינגייען דער קיניג פון פּראַכט."

אָ, מיין געליבטע, מיין ווייב, מיין קיניגן פון פּראַכט. די אייביקע טירן זיינען פאַר דיר געעפנט געוואָרן!" — האָב איך געזאָגט צו זיך זעלבסט. און יאָמערלעך צוגעגעבן שלמה המלך'ס אַ זאָג:

"זעכציק די מלכות, און אַכציק די קעפּסווייבער,
........ נאָר ....
איינע ביסטו באַ מיר געווען!

און איך ווייס און פאַרגעדענק, און קיינמאָל ניט פאַרגעסן, מיינע אַכצן גליקלעכע יאָר, וואָס איך האָב מיט מיין טיליע אָפּגעלעבט. אָבער די דערמאָנונג, אַז איך בין איצט איינער אַליין וואַרפט אָן אויף מיר אַ מורא־שחורה.

נו, אָבער די צייט היילט די וואונדן. די נאַטור פאָדערט פון דיר אָנצוגייען מיטן לעבן. איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה. מע גייט אָן מיטן לעבן... אָבער דעם פונק פון אמת קען איך פאָרט ניט אָפּלייקענען. מיין גאַנץ לעבן איז אַ שווערע קייט מיט פיל געקאָוועטע רינגען, איינס אין אַנדערן, און יעדער רינג פון דער אָ שווערער קייט האָט זיך אירס אַן אייגענע שווערע געשיכטע צו דערציילן. איין רינג פון יענער צייט און איין רינג פון דער צייט...

די צווייטע וועלט־קריג האָט זיך געענדיקט און איך בין געבליבן איינער אַליין. יאָ, דאָס איז טאַקע געווען אַ פּאַטריאָטישע מלחמה קעגן אַ באַרבאַרישן דייטשישן נאַצי־פאָלק. דאָס בלוט האָט אין מיר געזאָטן נקמה צו נעמען פאַר מיין אומגעבראַכטער משפחה און פאַר אַלע פאַרטיליקטע, געשאָכטענע און פאַרגאַזטע אידן. אין דעם קאַמף, אויפן פראָנט האָב איך קיין שום איינזאַמקייט ניט געפילט און פון קיין שום איינזאַמקייט ניט געליטן און ניט געטראַכט. אָבער ווען מע האָט מיך באַפרייט, ביי דער ענד פון די שלאַכטן, פון דער רויטער אַרמיי, האָב איך ניט געהאַט קיין היים. איך האָב ניט געהאַט אַוואו און צו וועמען אַהיים צו קומען. מיין מאַמע מיט אירע קינדער, פון איר צווייטן מאַן, האָט פאַרלאָזט די גרויסע שטאָט אָדעס און זיך צוריקגעצויגן צו דעם קליינעם שטעטל אָכרימאָווע, וואו אַלע אירע נאָענטע קרובים האָבן געלעבט. היטלערס באַנדיטן־סאָלדאַטן, מיט די אַרום דאָרפישע קריסטלעכע



1942—German infantry approach the city

אַרויסהעלפּער, האָבן די שטעטלשע אידן פאַרשיקט אין געטאָס, אין שקלאַפן־לאַגערן און צו דעם מאַסן־גרוב, פון אונטער קיעוו, אין באַבי־יאַר...

איך האָב ערגעץ געוואָלט גייען און ניט געוואוסט אַוואו צו גייען. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, אָבער וואוהין זאָל איך לויפן?.. איך האָב פּלוצלים באַקומען אַ חשק צו פאַרלאָזן מיין סאָוועט־רוסלאַנד, מיין געבורט־לאַנד, און פאָרן זעען אַן אַנדער וועלט, אַנדערע לענדער, אַנדערע מענטשן. אויב עס וועט מיר ערגעץ געפעלן וועל איך שוין דאָרט פאַרבלייבן, און אויב ניט וועל איך צוריק־פאָרן. עס איז אָבער געווען אַ טראַכטעניש פון אַ משוגענעם. איך האָב אָנגעהויבן צו לאַכן און צו חוזקן פון זיך אַליין, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אַז קיין שום אויסזיכטן צו פאַרלאָזן, לעגאַל, דאָס "זיסע", סטאַלין־לאַנד, איז ניט פאַראַן. און אפילו ווען עס זאָל זיך מיר איינגעבן, דורך עטליכע ניט איז "קונצן" צו אַנטלויפן, וואָלט דאָך דאַן מיין נאָמען געשטעלט געוואָרן אויפן שוואַרצן טאָוול פון סאָוועטישע שונאים. און דאָס האָב איך ניט געוואָלט. אַן אומצעפרידענער בין איך טאַקע געווען, אָבער אַ שונא? דאָס ניט!

אָבער פּלוצלים האָט אַ געדאַנק ווי אַ פייערדיקער שטראַל זיך צעבליט אין מיין קאָפּ. איך האָט זיך דערמאָנט אין מיין טאַטן אין אַמעריקע. מיין טאַטע? עס איז געווען אַ האָרב אויף מיין פּלייצע, כאָטש קיינער האָט אים ניט אַרויסגעזען, אָבער איך האָב אים גוט געפילט אין אַלע מיינע גלידער...

נאָך דעם פּאָגראָם פון 1905טן יאָר, האָט מיין טאַטע, דער קליין שטעטלדיקער יונגער רב, באַשטימט צו פאַרלאָזן דאָס צאַרישע רוסלאַנד און איז אַוועק קיין אַמעריקע. מיין מאַמע איז באַגאַן אַ גרויסן פעלער, וואָס זי איז

מיט אים ניט מיטגעפאָרן. מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט, מיט מיר, איז זי פאַרבליבן, און האָט פאַרביטן דעם איידעלן, געבילדעטן יונגען רב, אויף עפּעס אַ פּראָסטן, אָבער אַ זעער שיינעם מאַן, וועלכער האָט זי מיטן קינד אַריינגענומען צו זיך, נאָך דעם, ווי זי האָט פון אַמעריקע באַקומען איר גט. שפּעטער, ווען מיין מאַמעס צווייטער מאַן, מיין שטיף־טאַטע, איז געשטאָרבן האָט זי פון ערגעץ אַ שיפלאַד, פון אַן אַלטן, צעבראָכענעם קאַמאָד, אַרויסגעשלעפּט אַ בריוו מיט אַן אַדרעס פון מיין אמתן טאַטן. זי האָט צו מיר געזאָגט:

"לייען און פאַרגעדענק דעם אָ אַדרעס. פּיליכט וועט זיך דיר אויך אַמאָל פאַרגלוסטן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און וועסט וועלן זיך באַזעצן אין אַמעריקע, אַזוי ווי דיין טאַטע האָט דאָס געטאָן, האָסטו דאָ אַ גרייטן אַדרעס וואוהין צו פאַרפאָרן און ניט זיין עלנט און נעונד."

איך האָב גענומען די בריוו. עס איז געווען אַ בריוו פון נאָך פאַר דעם גט. איך האָב געלייענט און געשטוינט. דאָס האָט מיין אמתער טאַטע אַזוי געשריבן צו מיין מאַמען:

"שיינוועניו, מיין לעבן. עס איז נאָך אַלץ ניט שפּעט... אַ ווייב דאַרף פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע און פאָרן צו איר מאַן, אפילו אויב דאָס איז די ווייטע פאַרוואָרפענע אַמעריקע, און בפרט נאָך, אַז איך בענק שטאַרק נאָך דיר און נאָך אונדזער זונדעלע, אונדזער הערשעלע. ווי נאָר איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע / און דאָ וואוינען אויך אידן / האָב איך באַלד באַקומען אַ שטעלע אין אַ תלמוד תורה, ווי אַ לערער פון תנך און אויך אַ שטעלע אין אַ שולעכל אַלס רב. פון קיין הונגער וועסטו דאָ מיטן קינד ניט ליידן, חלילה. ווי דו ווייסט גוט, קען דאָך קיין רב, ביי אידן, ניט זיין אָן אַ ווייב. אפילו דאָ, אין אַמעריקע פערט מען זיך אַזוי. איך האָב דיר אַרויסגעשיקט אַ פּאָר דאָלער פון מיינע ערשטע פאַרדינסטן, אויב דו ווילסט קומען וועל איך דיר שיקן נאָך געלט און אויך אַ שיפסקאַרטע. אויב ניט, וועל איך דיר מוזן שיקן אַ גט. רעכן זיך איבער, שיינוועניו."

מער לייענען האָב איך ניט געקענט.

"מאַמע, פאַרוואָס ביסטו ניט געפאָרן מיט מיר קיין אַמעריקע?"

"אַ מענטש מאַכט אַ מאָל אַ פאַטאַלן פעלער, מיין קינד!" — האָט זי מיר געזאָגט.

מיין מאַמע איז מיט די קלענערע קינדער אַוועקגעפאָרן אין דעם פאַרוואָרפענעם קליינעם שטעטל און איך בין אַליין געבליבן אין אָדעס. דערווייל האָט זיך די מאַכט פון די סאָוועטן ביסלעכווייז איינגעשטעלט אין אָדעס. מענטשן האָבן זיך איינגעלעבט מיט דער נייער סיסטעם פון אַ נייעם לעבן־שטייגער, און איך?... איך בין געוואָרן צוגעזאָטן צו אַלץ וואָס לענין און

שפּעטער סטאַלין האָט געלערנט, געזאָגט און פֿאַרזאָגט... וועגן מיין טאַטן מיט דעם בריוו זיינע צו מיין מאַמען האָב איך פֿאַרגעסן... נאָך אַלעמען האָב איך דאָך אויך מורא געהאַט, אַז מיינע חברים פֿון קאָמסאָמאָל, און שפּעטער פֿון דער פּאַרטיי, זאָלן זיך ניט דערוואוסן, אַז איך בין אַן אָפּשטאַמיקער פֿון אַ קלעריקאַלישן טאַטן, וועלכער לעבט גאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע.

אָבער איצט, מיטן דערמאָנען זיך אין מיין טאַטן האָב איך באַ זיך באַשטימט: "איך מוז און איך וועל פֿאָרן קיין אַמעריקע!" וויאַזוי וועל איך דאָס טאָן? קיין באַשטימטן פּלאַן האָב איך דערווייל ניט געהאַט.

און אין דער צווישן־צייט האָט עפּעס ווידער פּאַסירט אין דער וועלט, עפּעפּעס אַזוינס, וואָס האָט צוטאָן מיט וועלט־פּאָליטיק און אויך מיטן אידישן פֿאָלק. עס איז עפּעס געווען ווי אַ קלאַפּ פֿון אַן עלעקטרישן שטראָם צו מיין מוח און האָט מיר געגעבן אַ שטויס צו שאַפֿן פֿאַר זיך אַ פּלאַן ווי אַזוי זיך אַרויסצוראַטעווען פֿון דעם סאָוועטן־לאַנד און זיך באַקענען מיט אַנדערע לענדער, אַנדערע לעבן־שטייגערס און אַנדערע מענטשן.

עס איז געווען דאָס יאָר פֿון 1946, נאָך דער צווייטער וועלט־קריג, און איך האָב דאַן געלייענט אין די סאָוועטיש־רוסישע צייטונגען, אַז אין פּאַלעסטינע שלאָגן זיך אידן קעגן די ענגלישע מאַנדאַט־האַלטער, און אויך, אַז אַ נייע געשאַפֿענע שלום אָרגאַניזאַציע, די "יו־ען", איז צו גונסטן פֿאַר די אידן. אין פּאַלעסטינע דאַרף געשאַפֿן ווערן אַ נאַציאָנאַלע היים־לאַנד פֿאַר די פֿאַרוואָגלטע אידן. און אויך: סטאַלין האָט אַ גינסטיקע באַציונג צו אַזאַ אָ פּלאַן...

ווען איך האָב זיך וועגן דעם אַלעמען דערוואוסט, האָב איך געביטן מיין טראַכטונג: ניין, איך וועל זיך ניט באַמיען זיך צו טרעפֿן מיט מיין טאַטן אין אַמעריקע. איך וועל בעסער זוכן אַ וועג וויאַזוי זיך צו דערשלאָגן קיין פּאַלעסטינע און דאָרט קעמפֿן פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון אַ אידיש היים־לאַנד און ערשט שפּעטער טראַכטן וועגן זיך צו טרעפֿן מיט מיין אייגענעם, מיין אמתן טאַטן.

אָ, דאָס איז ניט געווען מיינס אַ וויץ. עס האָט אַזוי טאַקע פּאַסירט.

אַז מע שמירט פֿאָרט מען. כאַבאַר, באַקשיש, אין דער יד־אַריין. אַ פּאָר הונדערט רובל. אַ פֿלאַש וואָדקא. אַ מענטש וואָס קען אַרויסהעלפֿן. אַ פּרוּי וואָס קען עפּעס אויפֿטאָן... נו, אַזוי אָדער אַנדערש קריגט מען אַ פּאַפּירל אפילו גלייך פֿון די קרעמלינס טויערן אַרויס און מע געפֿינט זיך שוין אויף יענער זייט פֿון דעם "אייזערנעם פֿאָרהאַנג." פֿאַרשטייט זיך, אַז ביים דורעכפֿירן די "קונץ" איז מען אין אַ סכּנה. מע שטעלט איין דאָס ביסל לעבן... דערפֿאַר טאַקע האָט קיינער ניט געוואוסט, קיינער פֿון מיינע גוטע כאַווײרים,

וועגן מיין פֿאַרטראַכטן פּלאַן, וויאַזוי זיך אַרויסצוגנבֿענען פֿון דעם סאָוועטן־רוסלאַנד. דאָס לאַנד איז שטענדיק פֿאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. אָבער ווען אַ מענטש ווערט נימוס דאָס לעבן שטעלט ער זיין לעבן אין קאָן און ברעכט אויף איינעם פֿון די זיבן שלעסער. דאָס איז אַלץ וואָס איך קען און וועל שטענדיק ענטפֿערן אויף אַלע פֿראַגן "פֿאַרוואָס", "וויאַזוי", איך האָב די אָ "קונץ" דורכגעפֿירט.



פֿון מאַי 1947 ביז סעפּטעמבער 1948 בין איך געווען אין ישראל. איך האָב איינגעפּלאָכטן מיין באַשיידענעם חלק אין קאַמף קעגן די אַראַבער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַ קריג קעגן ישראל, און ערשט ווען דער פֿייער־אָפּשטעל איז געמאָלדן געוואָרן, האָב איך זיך שוין גענומען צייט זיך צו דערמאָנען, אַז אין אַמעריקע לעבט מיין טאַטע, וועמען איך קען ניט און איך ווייס ניט. איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו און עס איז געשען אַ נס. איך האָב דאָך געדענקט זיין אַדרעס נאָר פֿון זכרון: פּרעזידענט סטריט. ברוקלין, ניו־יאָרק. אַמעריקאַ. ראַבאַי, בען־ציון ווינאָקור. און אָט דעם אָ בריוו מיט אַזאַ אָ צעטוצטן אַדרעס האָט מיין פֿאָטער דערהאַלטן. איך האָב זייער שנעל באַקומען פֿון אים אַן ענטפֿער:

"מיין ליבער זון, מיין ערשטלינג, הערשעלע מיין בכור, קום וואָס גיכער קיין אַמעריקע, ווייל איך לעב נאָך. איך וויל דיך זעען. איך האָב געהערט וועגן דיר גוטע זאַכן. דו ביסט אַ שרייבער און אַ קעמפֿער פֿאַר גערעכטיקייט. אַן עלנטער, איינער אַליין, האָסטו זיך אַרויפֿגעאַרבעט און דו ביסט געוואָרן אַ מענטש. אוי וויל איך דיך זעען, ווייל איך לעב נאָך. איך בין איצט אַלט און קראַנק. קום שנעל.

דיין טאַטע. הרב בן־ציון ווינאָקור."

די שיף "מאַריאַן קאָרפּ", אַן אַלטע נאָך־מלחמהדיקע מולטער, וואָס איז אין־דערגיך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַסאַזשיר שיף, האָט מיך געבראַכט קיין אַמעריקע, צו די ברעגן פֿון ניו־יאָרק, דעם 21טן סעפּטעמבער 1948, נאָך אַ צוויי וואָכן הוידן זיך און קאַטשען זיך איבער די שטורמישע ימען און אָקעאַנען. איך האָב געהאַט אַ דריי חדשימדיקע וויזע און איך האָב דערוואַרט, אַז עמיצער פֿון מיין משפּחה אָדער פֿון אַ אידישער צייטונג וועט מיך קומען אָפּנעמען... איך בין פֿאַרפֿאָרן אין אַ קליינעם באַשיידענעם האָטעל, ניט ווייט וואו די רעדאַקציע "די צייט" געפֿינט זיך. אָט די אָ אידישע צייטונג "די צייט" האָט פֿאַר מיר אויסגעסטאַרעט די דריי־חדשימדיקע וויזע קיין אַמעריקע און האָט מיר רעקאָמאַנדירט דעם האָטעל. אויפֿן אַנדערן טאָג האָט די צייטונג געמאָלדן וועגן מיין קומען צו גאַסט קיין אַמעריקע. און איך בין פֿאַרבעטן

געוואָרן צו קומען צום הויפּט־רעדאַקטאָר.

מע האָט פאַר מיר צוגעגרייט אַ שיינע אויפנאַמע אין דעם צימער פון דעם הויפּטרעדאַקטאָר בערל קופּער, אַ זייער קאַלט־בלוטיקער "דזשענטלמען" אין זיינע ערשטע זעכציקער, וועלכער האָט געהאַט אַן אָוואַלן פליכעוואַטע קאָפּ, אַן אָוואַל טונקל פּנים, גריי אויגן און זייער אַ שטיל, קוים־קוים באַוועגלעך און זייער קאַלט קול. זיינע אויגן האָבן אויף מיר אַ קוק געטאָן נאָר איין מאָל און דאַן האָט ער זיי שנעל אַראָפּגעלאָזט צו זיין שרייב־טיש. איך האָב פון מיין קינדווייז אָן ניט ליב געהאַט קיין מענטשן וועלכע קוקן דיר ניט אין פּנים, נאָר האַלטן זייערע אויגן אַראָפּ צו דער ערד. אָבער פּלוצלים האָט דער רעדאַקטאָר צוריק אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון שרייב־טיש און ווידער אַ קוק געטאָן אויף מיר. ער האָט קוים־קוים אַ שמייכל געטאָן און מיר באַהערט מיט עטלעכע זייער גוטע קאָמפּלימענטן:

"איר זיינט אַ פיינער שרייבער. אייערע עסייען און דערציילונגען האָבן אונדזערע לייענער גוט אויפגענומען." ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן צום שרייב־טיש און עפּעס אָנגעשריבן און באַלד מיר דערלאַנגט דאָס אָנגעשריבענע פּאַפּירל. "גייט אַריין צום קאַסירער וועט ער אייך געבן אַן אַדוואַנס פאַר די אַרטיקלען און דערצעלונגען, וואָס איך באַשטעל ביי אייך אויף ווייטער. אַמעריקאַנער דאָלאַרן שמעקן גוט" — האָט ער זיך דערלויבט אַ חכמה צו טאָן. "איר וועט האָבן גענוג געלט צו לעבן פאַר ערשטן חודש און שפּעטער וועלן מיר אייך אויך ניט פאַרלאָזן."



הינטן רעכטס: מיין פאָטער

אָבער דער כבוד, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן איז באַלד צעשטערט געוואָרן. דער רעדאַקטאָר האָט דאָס מאָל מיט אַ רירנדיקער שטילער שטימע מיר דערקלערט, אַז ער האָט פאַר מיר אַ טרויעריקע ידיעה. מיין פאָטער איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר טעג, פאַר דעם וואָס איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

איך בין געוואָרן זייער דערשלאָגן. מיין גאַנץ לעבן האָב איך געוואָלט זען מיין טאַטן און איצט ווען איך בין שוין אין אַמעריקע, איז ער שוין צווישן די לעבעדיקע ניטאָ... איך בין אַזוי צערודערט געוועזן, אַז איך האָב געמאָלדן מיט אַ ביטערן אויסגעשריי:

"האָב איך דאָך מער דאָ ניט וואָס צו טאָן. איך פאָר מאָרגן צוריק קיין ישראל!"

בערל קופּער האָט געקוקט אויף מיר פאַרוואונדערט און איצט זייער וואַרים

צו מיר געזאָגט:

״יונגערמאַן, זייט ניט אַזוי שנעל צו מאַכן באַשטימונגען, און לויפט ניט אַזוי שנעל צוריק קיין ישראל. איר האָט דאָך אַ וויזע אויף דריי חדשים. אַמעריקע איז אַ גרויס און אַ שיין לאַנד. ניצט אויס אייער פּריווילעגיע. עס איז דאָ פאַראַן וואָס צו זעען און וואָס צו לערנען. פאַר אַ יונגן שרייבער איז דאָס ביז גאָר וויכטיק. דער לייענער האָט אייך ליב באַקומען, איבערהויפּט דער בעסערער לייענער פון די שבתדיקע נומערן. זאָ, נוצט אויס די פּריווילעגיע און זייט דאָ אָפּ אייערע דריי חדשים.״

דאָס זיינען באמת געווען גוטע טרייסט ווערטער, פון דעם טרוקענעם רעדאַקטאָר, פאַר מיין צעוויטאָקט געמיט, און איך האָב באַשטימט צו בלייבן אין אַמעריקע ביז מיין וויזע וועט זיך אויסלאָזן...

עס זיינען אַוועק צוויי וואָכן. עס איז געווען אין אָקטאָבער חודש, אַ פרייטיק־טאָג, מיט אַ פּלוצלעדיקן קאַלטן ווינט. עמיצער האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון מיינס עפּעס אַ קרוב, וואָס וואוינט אין ברוקלין. דער אַדרעס איז אָבער געווען ניט קיין ריכטיקער. איך האָב געבלאָנדזשעט איבער די ברוקלין גאַסן, פון דער בענסנהערסט געגנט, און קיין שום קרוב מיינער איז דאָרט ניט געווען. עס איז מיר געווען קאַלט. איך בין ניט געווען אָנגעטאָן וואַרעם און איך האָב שוין געוואָלט פאָרן צוריק קיין מאָנהעטן צו מיין האָטעל. אויף איין גאַס האָב איך דערזעען אַ געשעפט פון מענער קליידער. איך האָב אַריינגעקוקט אין דעם גרויסן פענצטער מיט דער שיינער אויסשטעלונג פון אָנצוגן, העמדער און וואָלינע סוועטערס. איך בין אַריין אין דער קראָם און דערזעען פאַר זיך צוויי מענער. איינער אַן אַלטער מיט אַ גרויען קאָפּ האָר און מיט אָנגעלאָפּענע קיילעכדיקע באַקן און מיט אַ פעטלעך בייכל. דער מענטש האָט אויסגעזען ווי אַ גוי, אַן אַלטמאָדישער פּוילישער פּאָרעץ. דער צווייטער מענטש איז געווען יונגער און פלייסיקער, אַ טיפּ פון אַ סוחר, אַ מענטש וועמעס טואונג איז צו קויפן און פאַרקויפן. אָבער ביידע מענער האָבן אויף מיר געקוקט מיט פאַרדאַכט. דער עלטער מענטש האָט אַ זאָג געטאָן צום יונגערן אין אַ שעפּשעדיקן אידיש.

״דער אָ אַריינגעקומענער שייגעץ ווייזט אויס ווי אַ רוסישער כלאָפּעץ, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון דער שיף!..״

איך האָב אָנגעהויבן צו לאַכן און זיך געווענדעט צו זיי אין אידיש: ״יאָ, איר האָט טאַקע געטראָפן. איך בין טאַקע מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אַראָפּ פון דער שיף אָבער אַז איך רעד צו אייך אידיש בין איך דאָך ניט קיין רוסישער כלאָפּעץ נאָר אַ איד.״ איך האָב אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף אַ שיינעם סוועטער. ״דאָס וויל איך.״

״גוט, איר וועט האָבן דעם סוועטער״, האָט דער עלטערער מענטש

דערקלערט, „אָבער צו ערשט זאָגט מיר פון וואָס פאַר אַ לאַנד קומט איר. אפשער פון פוילן?...״

„אָ ניין, ניט פון פוילן. איצט קום איך פון ישראל, אָבער קיין ישראל בין איך געקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד, פון אָדעס, כאָטש לעצטנס האָב איך געוואוינט אין מאָסקווע.״

דער יונגער סוחר איז צוגעשפּרינגען צו מיר און מיך ברידערלעך אַרומגענומען.״

„איר זיינט פון אָדעס? איך קום אויך פון אָדעס. אונדזער גאַנצע משפחה איז פון אָדעס. זיינען מיר הייסט עס לאַנדסלייט, „זעמליאַקי!..״ נאָר אונדזער שוועסטערל איז שוין דאָ, אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, געבוירן געוואָרן.״

דער עלטערער איד, ווייסט אויס דער בעלהבית פון דעם געשעפט, האָט מיר געגעבן דעם סוועטער, וואָס איך האָב פאַר זיך אויסגעקליבן, דערנאָך האָט ער אַרויפגעלעגט זיינע הענט אויף זיין היבשלעך פעט בייכל און זיין פולבלעך פריציש פנים האָט זיך שיינענדיק צעשמייכלט. ער האָט עפּעס געהאַט פאַרטראַכט... דערנאָך געזאָגט:

„ווייסט איר וואָס, יונגערמאַן? היינט איז דאָך פרייטאָק! איך פאַרמאַך מיין סטאָר זעקס אַ־זייגער. עס איז שוין ביי אונדז איינגעפירט אַזאַ מנהג אַז די גאַנצע משפחה קומט זיך צונויף, יעדער פרייטיק, צו־נאַכט, אין מיין הויז. איר פאַרשטייט, אַלע זיינען פון רוסלאַנד, פון אָדעס געבוירענע. מיין ווייב זאָל לעבן, ענאַ, איז די עלטסטע שוועסטער פון דער משפחה, אויך אַן אָדעסערן, און נאָר איך שטאַם פון פוילן, פון שיבעשין, אָבער אין אַ קאַטאָוועס רופט מען דאָס „פּיטשעבערעווקע.״ מיין נאָמען איז מעקס ראָזען, כאָטש אין דער אַלטער היים האָב איך גאָר געהייסן מענדל ראָזנקראַנץ. און דער אָ יונגערמאַן, איז מיין בראָדער אין לאָ, וואָס דאָס מיינט, מיין שוואָגער. ער הייסט מאָרי יאָנג, כאָטש אין דער אמתן הייסט ער גאָר משה יאַראָשעווסקי. נאָר אַזוי איז דאָס דאָ אין אַמעריקע. מע פאַרגויעשט די אידישע נעמען כדי מע זאָל זיין גלייך ווי די אמת־געבוירענע אַמעריקאַנער. אָבער עס העלפט ווי אַ טויטן באַנקעס.״ און באַלד האָט מעקס ראָזען אַרויפגעלעגט אויף מיין פּלייצע אַ ווייכע, וואַרימע האַנט און צו מיר געזאָגט: „און אַז עס האָט זיך שוין יאָ אַזוי געמאַכט, אַז איר זיינט אַ לאַנדסמאַן פון אונדזער משפחה, אַן אָדעסער, איז פאַרבעט איך אייך צו מיר אין הויז פאַר אַ פרייטאָג צו נאַכטיקן, שבתדיקן מאָלצייט. ווי איך פאַרשטיי זיינט איר שוין לאַנג ניט געזעסן ביי אַ שבת טיש. און דאָ האָט ער ווידער עפּעס אַ טראַכט געטאָן און באַלד גיך און שטיל, כמעט סודעסדיק, אַ שעפּטשע געטאָן: „נאָך אַלעמען לעבט דאָך אין מיין הויז מיין יונגסטע שווייגערן, וועלכע איז באַ מיר פאַרעכנט ווי אַן אייגן קינד. זי איז שוין אַן אַמעריקאַנער פּראָדוקט, איך מיין צו זאָגן, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, אַ גוט

קינד, אַ שאָד נאָר וואָס די עלטערן אירע האָבן ניט דערלעבט דעם נחת פון זייער גראַטענער טאָכטער.״ ער האָט זיך פאַרכלינעט אין זיינע אייגענע רייד און נאָך אַ ווײַלע האָט ער פאָרגעזעצט: ״ווי איך קוק אייך אָן, דאַרפט איר זיין אַן אינטעלעגענטער מענטש, נו, איז וואָס איז אייער נאָמען?״

״הערשל ווינאָקור.״ — האָב איך קורץ געענטפערט.

״הערשל איז דאָך עפּעס אַ אידישער נאָמען. כאָטש ווינאָקור קלינגט רוסיש״ און באַלד מיט אַ באַזונדערער מין־נייגעריקייט, ווידער געפרעגט: ״זיינט איר פאַרהיירעט, אָדער אַ בעטשלער, איך מיין, אַ בחור?..״

דאָ האָט שוין דער יונגערער מענטש, דער שוואָגער, מיטן נאָמען מאָרי יאַנג, זיך אַריינגעמישט מיט אַ געשריי:

״וואָס באַדערסטו אַ מענטש? האָסט אים איינגעלאַדן צו אונדז פאַר אַ שבתדיקן סאַפּער איז דאָס אָקעי. אָבער דאָ איז ניו־יאָרק, מעקס, איז ניט יאָור שיבישין צו ״פּיטשבערעווקע״, דאָ באַדרעט מען ניט קיין מענטש מיט קיין צוויידייטיקע קוועסטינעס, ווען מע לייט אים איין.״

האָב איך זיך פּלוצלים אָנגענומען פאַר מיסטער מעקס ראָזען און געזאָגט:

״איך זע ניט קיין שלעכטס אין דעם אויספרעגן מיך. נאָך אַלעמען בין איך דאָך אַ פרעמדער מענטש, נו, ווילמען וויסן וואָס, ווער, און ווען?״ איך האָב זיך געצוואונגען אַ ליבלעכן שמייכל צו טאָן און פאָרגעזעצט: ״איך בין נאָך אַ בחור, אַן אַלטער בחור!..

מעקס ראָזען׳ס היים איז באַשטאַנען פון אַ צוויי־שטאָקיק רויט־ציגל־הויז, אין דער שיינער געגנט פון בענסנהערסט, אין ברוקלין. די גאַנצע משפּחה ״אָדעסיטן״ איז געווזען פאַרזאַמלט אין דעם הויז, צוליב מיין כבוד וועגן. עס זיינען דאָ געווען מומעס און פעטערס, שווייגערנס און שוואָגערס, קוזינקעס און קאָזינס און נאָך און נאָך קרובים און פריינט און אַלע פון אָדעס, פון דער גלענצנדער שטאָט, מיט די שיינע בולוואַרן, מיט אַ פיינער אָפּערע, מיט אַ בראָדער אָרטאָדאָקסישער שול, אַוואו אין די שבתים שפּילט אַן אָרגאַן, און מיט די הונדערטער טרעפּ אַראָפּצוגייען צום שוואַרצן ים, אַ שטאָט וואָס קיינער קען זי ניט פאַרגעסן, כאָטש מע איז שוין אַמעריקאַנער בירגער. מעקס ראָזען האָט מיך פאַר אַלע די אָ מענטשן פאָרגעשטעלט און גאָר באַזונדערס פאַר זיין ווייב ענאַ אַן פאַר זיין יונגער שוויגערן טיליע.

מע איז געזעסן אין דעם גרויסן זאַל, וואָס מע האָט אָנגערופן ״ליווינג־רום״ ווי אויך אין דעם גרויסן עס־צימער וואָס האָט געהייסן ״דיינינג־רום.״

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם אַמעריקאַנער געבוירין מיידל און זיך פאַרלוירן. איך האָב ניט געוואוּסט צי איך זאָל צו איר רעדן אידיש אָדער רוסיש, ווייל קיין ענגליש האָב איך דאָך ניט געקענט. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך צו איר געווענדעט אין רוסיש און איר געזאָגט, אַז איך בין

צופרידן זיך צו באַקענען מיט איר.

זי האָט מיט אַ וואַרימען שמייכל, אויף איר שיינע רויט־געפאַרבטע ליפּן, קורץ געענטפערט אין אַ פיינעם רוסיש: "אָטשען פּריאַטנאָ!"

אירע פּאָר רוסישע ווערטער האָבן באַטייט, אַז אויך זי איז צופרידן זיך צו באַקענען מיט מיר. אירע פּאָר רוסישע ווערטער האָבן פאַר מיר געקלונגען ווי אַ צאַרטער געקלאַנג פון אַ גאָלדן קלעקל. זי איז געווען אַזוי איידל, חן־"וודיק און ליב, און צויבערדיק, אַז איך האָב פון דעם ערשטן קוק מיינעם, זיך אין איר פאַרליבט. איך האָב איר געפרעגט פון וואַנען זי קען די רוסישער שפּראַך און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען אויך אידיש, ספּאַניש און פראַנצויזיש. זי האָט די אַלע שפּראַכן שטודירט. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב נאָך עפּעס צו איר געזאָגט, עפּעס אַזוינס, וואָס מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז נאַריש... עס קען זיין, אַז ווען אַ מענטש ווערט פּלוצלים פאַרכאַפּט מיט ליבשאַפט צו אַ שיין און קלוג מיידל, פאַרלירט ער זיך אַזוי, אַז ער מוז זאָגן עפּעס אַ מין נאַרישקייט. און איך האָב געזאָגט:

"איך וואָלט געוואָלט מאָלן פון אייך אַ פּאָרטרעט, מיס..."

זי האָט געלאַכט און האָט מיר באַוויזן אירע פּערפעקט ווייסע, שיינע ציין. זי האָט געזאָגט שטיל און זיכער:

"איך הייס טיליע. מיין פולער נאָמען איז: טיליע יאָנג!"

"אַ שיינער נאָמען." האָב איך געענטפערט און צוגעגעבן: "און מיך רופט מען הערשל, הערשל ווינאָקור. אָבער דאָס איז נאָר געווען אין רוסלאַנד, צווישן אידן. ביי די רוסן האָב איך געהייסן, גריגאָרי באָריסאָוויטש ווינאָקור. אָבער נאָך דער צווייטער וועלט־קריג, ווען איך בין דעמאָבליזירט געוואָרן פון דער רויעטער אַרמיי, איז מיר נימעס געוואָרן צו לעבן מער אין רוסלאַנד, און דערפאַר בין איך פון דאָרט אַנטלאָפן... איך האָב געמוזט לעבן אויף פאַלשע פּאַפּירן ביים שמוגלען פיל גרענעצן פון פיל לענדער, וועלכע זיינען דאַן אָקופּירט געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי. און אַזוי האָב איך אויף מיין לעצטן פאַלשן פּאַס זיך געדאַרפט פאָרשטעלן פאַר אַ דייטש פון אידישן גלויבן. איך האָב געמוזט האָבן אַ פאַסיקן נאָמען, וואָס זאָל אַ ביסל קלינגען דייטשיש, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו איבערזעצן מיין נאָמען און איך האָב אויסגעפונען, אַז דער רוסישער ווינאָקור וועט אין דייטש זיין ווײַנרויך. און פון הערשל האָב איך געמאַכט: הערמאַן. שפּעטער, ווען איך בין אַוועק פון דייטשלאַנד, האָב איך צוריק פון הערמאַן צוריק געמאַכט הערשל, אָבער צו ווינאָקור בין איך צוריק ניט געקומען. איך בין שוין פאַרבליבן מיטן נאָמען הערשל ווײַנרויך.

טיליע האָט געקוקט אויף מיר פאַרשעריש. זי האָט, ווי עס ווייזט אויס אַריינגעטראַכט אין זיך צי עס לוינט זיך איר צו פירן אַ ווייטערדיקן דיאַלאָג

מיט מיר. זי האָט פּלוצלים אַרויסגעלאָזט אַ מין שטאַמלדיקן קלאַנג ווי "המ־ם"... מיר איז אָבער זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן איר "המ־ם" קלאַנג. נאָר באַלד האָט זי זיך צו מיר אומגערעכט געווענדעט: "איך דענק, אַז איר האָט זייער פיל אַדורכגעמאַכט אין אייער לעבן, און מער שלעכטס ווי גוטס!... אָבער איצט, אין אַמעריקע וועט איר שוין דערגרייכן צו דעם ציל צו וועלכן איר שטרעבט, אויב נאָר איר האָט ליב צו אַרבעטן און איר זיינט ערנסט און אָרענטלעך."

איך האָב באַ זיך געטראַכט: גאָט מיינער, ניט נאָר שיין איז זי, נאָר אויך זייער קלוג. און איך האָב באַלד געענטפערט: "איך בין אַהער געקומען מיט אַ וויזע ווי אַ טוריסט נאָר אויף דריי חדשים. מיין וואוין־אָרט איז איצט און אויף שטענדיק דאָס לאַנד ישראל. ווי נאָר מיין וויזע וועט אויסגייען, אַזוי פאָר איך צוריק קיין ישראל."

"אָ־אָ!.." האָט זי אויסגערופן. דער אָ קלאַנג איז ווידער געווען אַ מין צויבערדיקער און איז מיר געפעלן געוואָרן. אָבער איר ווייס־מאַרבל פּנים איז אַביסל טונקלער געוואָרן, אַזוי האָט זיך מיר געדוכט. דערנאָך, נאָך אַ לענגערער פּויזע, האָט זי מיר געפרעגט:

"זיינט איר דאָ אויף אַ ביזנעס רייזע?"

"יאָ און ניין. עס איז מיר זייער שווער אויסצוטייטשן מיין לאַגע אין געציילטע ווערטער."

"ווי באַלד אַזוי מאַכט עס נייגעריק. איז דאָס אַ סוד?"

איך האָב זיך ווידער אַ ביסל פאַרלוירן. מיטאַמאָל האָב איך באַקומען קוראַזש.

"אויב איר וועט מיר דערלויבן אייך צו זען מאָרגן, דען וועל איך אַלץ אויסדערציילן!"

אַ ליבלעכער שמייכל האָט זיך צעשיינט איבער איר שיין פּנים. "גוט קומט מאָרגן אַרום צען אין דער פרי. מיר וועלן עסן פרישטיק צוזאַמען. דערנאָך וועל איך אייך נעמען צום צענטראַל־פּאַרק. עס איז איינער פון די גרעסטע פּאַרקן אין דער וועלט, מיט וועלדלעכע אַלייעס, מיט ליבע־נעסטן און מיט בעקוועמע בענק פאַר די וואָס ווילן זיצן זיך אָפּרוען און כאַפּן אַן אינטימלעכן, אָדער אַן אינטעלעגענטן, אַ סאָפיסטיקייטן שמועס. עס זעט אויס, אַז מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג. מיר האָבן דאָרט אויך שיינע אָזערעס מיט שיפעלעך זיך צו שיפן... און נאָך אַלעמען איז דאָך מאָרגן שבת און איבערמאָרגן זונטאָג, מיינע צוויי פרייע טעג, וואָס איך אַרבעט ניט, נו וועט איר האָבן גענוג צייט צו רעדן און זיך אויסרעדן. איך בין זייער אַ נייגעריקער מענטש..." זי האָט ווידער אַ חן־ווּדיק שמייכל געטאָן. און געזאָגט: "איך האָב ליב צו הערן וואָס מענטשן דערציילן. איך בין אַ גוטע צוהערערן!.."

איך געדענק שוין ניט ווען איך זאָל געווען זיין אַזוי אויפגעלעגט ווי דאָס מאָל. איך האָב גענומען אירע ביידע ווייס־צאַרטע הענט אין מיינע און אָ צעפרידענער געזאָגט:

"אַ דאַנק אייך. איך וועל זיין זייער צופרידן זיך צו טרעפן מיט אייך מאָרגן."

מיר האָבן גערעדט אַ ביסל רוסיש און אַ ביסל אידיש. מיין פּאַרכאַפּט ווערן פון איר שייניקייט און קלוגשאַפט האָט זיך אין מיר נאָך מערער צו וואָקסן און איך האָב געפילט אַ ליבע־געפיל אין מיין האַרץ, מיט יעדער נייע פּאָרזעצונג פון אונדזער געשפּרעך. איך האָב איר צווישן אַנדערע פראַגן, "אומשולדיקע אויספרעגעכצן" פון איינס צום צווייטן, געפרעגט:

"מעג איך וויסן וואָס אייער באַשעפטיקונג איז?"

"געוויס מעגט איר! איך בין אַ לערערן פון ענגלישער ליטעראַטור און שפּראַך. דאָס האָב איך געוואָלט זיין, מר. וויינרויך, און דאָס האָב איך דערגרייכט."

"איך בעט אייך, רופט מיר ניט מר. וויינרויך. רופט מיך הערשל, אָדער ווי מע רופט מיך איצט אין ישראל צבי!.."

"און אייער מאַמע האָט אייך געוויס גערופן ליבלעך און פאַרצוגן: הערשעלע!" און זי האָט ווידער אַ חן־ווּדיק שמייכל געטאָן. "נו וועל איך אייך אויך רופן הערשעלע."

"און איך מעג אייך רופן טיליע?" האָב איך פאָרזיכטיק געפרעגט.

"פאַרשטייט זיך, אַז איר מעגט מיך אַזוי רופן, ווייל טיליע איז דאָך מיין נאָמען. אָבער איצט וויל איך אויך וויסן פאַרוואָס איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט אָדער איר וואָלט געוואָלט מאָלן אַ פּאָרטרעט פון מיר. איר האָט דאָס מיר געזאָגט באַלד ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט."

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. איך בין געכאַפּט געוואָרן אין אַזאַ צושטאַנד, אין אַ וועלכן איך בין גאָר ניט געווען גרייט צו געבן אַ לאָגישן ענטפער. איך האָב געקוקט אויף איר גלייך ווי איך וואָלט געווען אירס אַ פאַרזינדיקטער סטודענט, וואָס ווייסט ניט דעם ענטפער אויף אירס אַ פראַגע. זי האָט באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט און האָט מיר אַ פרעג געטאָן דירעקט: "זיינט איר אַ מאָלער, אַ קונסט־מאַלער, אַ פּייסאַזשיסט אָדער אַ פּאָרטרעטיסט?.."

"עפּעס פון דעם מין!" — האָב איך ניט זיכער געענטפערט.

"דאַן מוזט איר דאָך זיין אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט קונסט, מיט טעאַטער, מוזיק, מאָלעריי אָדער ליטעראַטור. איך מיין דאָס אויף געוויס."

"יאָ!"

"וואָס יאָ?.. אָט בין איך אַ לערערן פון ענגלישער ליטעראַטור און שפּראַך.

איז וואָס איז אייער באַרוף?"

"אַ שרייבער, אַ אידישער שרייבער."

"איך וואָלט געוואָלט לייענען אייערס אַ שאַפונג!.."

"אַ אידישע מעשה?.. וועט עס אייך אינטערעסירן."

"אַוודאי!.. אָבער פריערט ענטפערט מיר וועגן מאָלן אַ פּאָרטרעט פון מיר..."

"ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך וואָלט געוואָלט מאָלן אַ פּאָרטרעט פון אייך, האָב איך געמיינט צו מאָלן אייך מיט דער קונסט פון שיינע אידישע קונסט־ווערטער, וואָס אונדזער רייכע אידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט."

"אַזוי?.."

"יאָ, טיליע!"

"יאָ הערשעלע.. און הערשעלע מיינט דאָך אַ צאַרט חיהלע!."

"איר האָט רעכט, טיליע. אָבער טיליע קלינקט אַזוי ווי דאָס העברעישע וואָרט תהלה, וואָס דאָס מיינט אַ ליבע געזאַנג, און אויך "תהילים" וואָס פרומע אידן זאָגן, און אויך פרומע קריסטן זאָגן, דאָס מיינט דאָס זעלבע ווי "תהלה", אַ לויב געזאַנג. און דאָס איז דאָך אַזוי ענלעך צו אייער נאָמען, — טיליע!..

"אָהאָ, אַ דאַנק אייך. איך האָב דאָך ביז איצט ניט געוואוּסט, אַז מיין נאָמען האָט עפּעס צו טאָן מיט דעם הייליקן בוך תהילים. מיין מאַמע פלעגט מיך רופן אין אידיש טייבעלע און דאָס איז דאָך טאַקע מיין ריכטיקער נאָמען. אָבער איך בין געריררט פון דער דערפינדונג, וואָס איר האָט געמאַכט, אַז טיליע קען אויך זיין דאָס זעלבע ווי תהלה, וואָס מיינט אַ געזאַנג פון לויב און ליבע!.. נו, פון איצט אָן וועל איך שוין טראַכטן, אַז מיין נאָמען אַנטהאַלט אין זיך אַ רעליגיעזן בייטעם..."

"איז דאָס שלעכט?"

"המ־ם.. ניט שלעכט. איך האַלט שטאַרק פון אידישער טראַדיציע און ניט פון רעליגיע. מיר געפעלן שטאַרק די אידישע יום־טובים און מנהגים. שיילט אָפּ די רעליגיעזע שאָלעכץ און עס וועט בלייבן סאָציאַלע, מענטשלעכע פייערונגען, ווי באַפרייוּנג פון קנעכטשאַפט, די זאַמלונג פון תבואה פון די פעלדער, דער שבת אָפּרו און עפּעס ענלעכס..."

"אַ שטייגער ווי ליכט בענטשן און פאַסטן אום יום כפּור?" — האָב איך געמאַכט אַ וויץ.

"האַם־ם!.." און עס איז מיר ווידער געווען אַזוי זיס צו הערן אָט דעם "האַמ־ם!"

אָבער טיליע האָט ערנסט געזאָגט: "מיר איז געפעלן געווען צו זעען ווי מיין מאַמע בענטשט ליכט. און איך האָב גרויס רעספּעקט פאַר מיין עלטערער



שוועסטער ען, ווייל זי בענטשט אויך אַלע שבת און יעדער יום־טוב, די שכינה־שיינענדיקע, ליכט. און אפילו דאָס פאַסטן יום כפור געפעלט מיר אויך!.. און איך פאַסט! עס איז דאָך נאָר איין מאָל אין יאָר. און דאָס איז געזונט פאַרן קערפער. אונדזער קערפער מוז דאָך אויך האָבן אַן אָפּרו, כאָטש איינמאָל אין אַ יאָר!..״

זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן נאָר דאָ האָט מען איר איבערגעשלאָגן. איר שוועסטער ען האָט אונדז פאַרבעטן צום טיש, אין דעם עס־צימער.

עס זיינען אַריבער צוויי וואונדערפולע און גליקלעכע חדשים. איך האָב זיך געטראָפן מיט טיליען כמעט יעדער אָוונט פון דער וואָך, און גאַנצע טעג ביז שפּעט אין דער נאַכט, יעדער שבת און זונטאָג. יאָ, טיליע איז געווען מיין ערשטע ליבע, כאָטש איך האָב געהאַט צוזאַמענטרעפונגען מיט אַנדערע מיידלעך און יונג־פרויען. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פון פריער, און נאָר ווי

פלאַמען פייערן אין מיין קערפּער, פייערן וואָס איך קען פאַרגלייכן צו סקירדעס אונטערגעצינדענע שטרוי, וואָס ברענט זיך אויס זייער גיך. אָבער איצט איז מיין ליבע אַן אמתע, ווי אַן ערשטלינג... אַ שטיל פייערל מיט גאָלדענע פונקען, ווי דאָס ברענען פון דעם הייליקן בוש, דעם סנה, וואָס משה רבנו האָט פאַר זיך דערזעען אויפן באַרג סיני...

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, ווען טיליע איז געווען אין מיינע אָרעמעס און איך האָב זי געקושט זייערליידנשאַפטלעך, און דאָך אין אַ שיינעם, עטיש־מענטשלעכן, באַרעכנטן דרך, האָב איך איר געזאָגט: ״איך וואָלט געוואָלט פאַר דיר חתונה האָבן!״ איך האָב געהאַט אַ געפילט, אַז זי דערוואַרט פון מיר, איך זאָל דאָס איר זאָגן. איך האָב אַריינגעקוקט אין אירע אויגן. זייער צאַרט, מיט אַ ציטער אין מיין קול, דערקלערט:

טיליע, טייבעלע מיינס, ווייסטו, אַז איך האָב איצט ניט מער ווי נאָך צוויי וואָכן צו זיין אין אַמעריקע און דערנאָך מוז איך פאָרן קיין ישראל. איך וויל, אַז דו זאָלסט מיט מיר חתונה האָבן און מיט מיר פאָרן קיין ישראל.״

איך בין מיט איר געווען אין איר פּריוואַטן צימער, אין דעם הויז פון איר עטלערער שוועסטער ענאַ און איר שוואָגער מעקס. עז איז שוין געווען שפּעט, זייער שפּעט. דאָס גאַנצע הויז איז געווען שטיל און פול מיט שלאָף, און נאָר מיר ביידע, טיליע און איך, האָבן ניט געהאַט קיין שום חשק צי מינערן אפילו אויף איין מינוט אונדזער גליק, אונדזער ליבע און אונדזער צאַרטקייט. מיר זיינען געשטאַנען איינס אַקעגן אַנדערן און מיר האָבן אויסגעזעען ווי אַ צוויי־אייניקייט, ווי אַ צווילינג מיט דעם זעלבן האַרץ־קלאַפּ און מיט די זעלבע נשמה געפילן. אפילו די הויך אונדזערע איז געווען די זעלבע, 5 פוס מיט 6 אינטשעס, און די זעלבע זיידן־ברוינע האָר, די זעלבע טיף־ברוינע אויגן און כמעט די זעלבע באַוועגונגע, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, אָבער געווען זיינען מיר געליבטע און פאַרליבטע ערב פון ווערן מאַן און ווייב. און פּלוצים האָט טיליע איר ליבלעכן קלאַנג: ״אָהָ־אָ!״ אַרויסגעלאָזט און באַלד באַשטימט: ״איך וועל מיט דיר זיין וואו דו ווילסט!״

מיר האָבן זיך אַרומגענומען האַלדזן און קושן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געזאָגט: ״כאָטש איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז דו זאָלסט בלייבן דאָ, ביז דו וועסט ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער. עס איז גוט צו זיין אַן אַמעריקאַנער בירגער. מע קען פאָרן וואו און ווען מע וויל און צוריק קומען ווען נאָר מע וויל. דאָס איז אונדזער דעמאָקראַטישע פרייהייט. פאַר דעם האָב איך אַזוי שטאַרק דאָס לאַנד ליב. ס׳איז אַ לאַנד פון גרויסע מעגלעכקייטן.״

״גוט, מיין טייערע״ האָב איך געענטפערט ״איך וואָלט דאָ געבליבן מיט דיר נאָך אויף עטליכע יאָר. אָבער ווי אַזוי וועל איך דאָ קענען מאַכן אַ לעבן?.. איך קען ניט די שפּראַך פון דעם לאַנד, און מיין מיטאַרבעט אין דער אידישער

צייטונג, אין "די צייט," איז נאָר אַ צייטווייליקע, נאָר אויף אַזויפיל ווי איך בין זייערס אַ גאַסט. איך בין דאָך ניט זיכער צי איך וועל קענען קריגן אַ שטענדיקע אַרבעט, אויב איך זאָל דאָ פאַרבלייבן און ניט פאָרן צוריק קיין ישראל. באַ מיינע יאָרן זיך אָנהויבן צו לערנען עפּעס אַ ניי פאַך איז שוין צו שפּעט. גאָר אַנדערש איז אין ישראל. איך האָב זיך שוין דאָרט אַריינגעפּאַסט אין לעבן. מען האָט מיך דאָרט זייער וואַרים אויפגענומען. דערווייל זעצט מען איבער מיינע שרייבונגען אין עבריט, און מע האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ווי נאָר איך וועל זיך אַ ביסל מער פאַרפולקאָמען אין דער העברעישער שפּראַך, וועל איך שוין ווערן אַ שטענדיקער מיט־אַרבעטער אין דער דאָרטיקער גרעסטער טעגליכער צייטונג, מיט וועלכער איך בין פאַרבונדן זינד דעם ערשטן טאָג, וואָס איך האָב זיך באַזעצט אין ישראל. און יעדנפאַלס קען איך דאָך נאָך אַלץ אַריינטרעטן אין אַ קבוץ און זיין באַזאָרגט דאָס גאַנצע לעבן מיט אַרבעט און מיט גענוג גייסטליכע פאַרגעניגנס, וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט דער ריכטיקער און אמתער אידעאַל פון אַ מאָדערנע דענקענדיקן מענטשן."

"אָה, מיין ליב און גוט הערשעלע!" האָט טיליע אויסגערופן, מיט הערליך־שיינענדיקע פּייערלעך אין אירע ברוינע ליבע אויגן, "ווי איך זע ביסטו אַ גרויסער זאָרגער. נו, דאָס איז פון איין זייט גוט. דאָס מיינט, אַז דו האָסט ליב צו טראַכטן און צו באַרעכענען אַן ענין... דו ווילסט זיין זיכער, אַז איך וועל האָבן אַ גוט לעבן ביי דיר. טאָ זאָרג ניט צו פילי, מיין טייערער. איך גיי דאָך ניט חתונה האָבן מיט אַ צעקאָכטן אָדער אַ צעקראָכענעם יאָלד. דו ביסט אַ קלוגער און אַ פּייאיקער מענטש. דו וועסט ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער און דו וועסט גאָר גיך און גוט אויפכאַפּן די ענגלישע שפּראַך. און נאָך אַלעמען פאַרדין איך דאָך גענוג, אַז צוויי מענטשן זאָלן קענען לעבן פון דעם אין גליק און אין צופרידנקייט. מיר אַרט ניט אויב דו וועסט ניט האָבן קיין שטענדיקע שטעלע און קיין שטענדיקע פּרנסה. דו ביסט דאָך אַ שרייבער, אַ קינסטלער, און איך וויל, אַז דאָס זאָלסטו בלייבן. האָב איך דען אַמאָל געפּרעגט ביי דיר צי דו קענסט מאַכן אַ לעבן? ניין! דאָס האָב איך באַ דיר ניט געפּרעגט. דו דאַרפסט דאָס ניט, ווייל איך גלויב אין דיין טאַלאַנט. די עטליכע קורצע געשיכטעס דיינע, די דערציילונגען, די עסייען און איבערהויפּט דיינע צוויי ראָמאַנען, וואָס איך האָב איבערגעלייענט, זיינען ווערט, אַז מע זאָל זיי איבערזעצן אין דער ענגלישער שפּראַך. דו שרייבסט לייכט, שיין און שכלדיק, און עס איז אינטערעסאַנט און פאַרכאַפּנדיק. אין אַזעלכע ראָמאַנען נויטיקט זיך די ענגלישע ליטעראַטור. גלויב מיר, אַז איך ווייס וואָס איך רעד. וואָלסטו געשריבן מיט באַפּליגלטע, קלינגעוודיקע און באַצאַצקעדיטע ווערטער, וואָס זאָגן גאָרניט, און וואָס ביים איבערזעצן פאַרלירן זיי דעם טעם, און דערביי האָבן זיי אויך ניט קיין אינטערעסאַנטע און פאַרכאַפּנדע מעשה, דאַן וואָלט איך געזאָגט: "ניין, מיין הערשעלע, דיין שרייבן געפעלט מיר ניט און עס וועט

זיין אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט דאָס איבערצוזעצן. איך וואָלט זיך ניט געשעמט דאָס דיר צו זאָגן, כאָטש איך ליב דיך. אָבער דער אמת איז, אַז דיין שרייבן איז געבענטשט און איז ווערט איבערגעזעצט צו ווערן אין פילע שפּראַכן... איך מיין, אַז איך פאַרשטיי ליטעראַטור. איך האָב ליב גוטע, קינסטלערישע און אַרטיסטישע ליטעראַטור און איך האָב זייער פיינט אַלע די דזשאַנק־ביכער, וועלכע זיינען אָן אינטולעקטואַלע און עמאָציאָנעלע צאַרטקייטן, נאָר פול מיט רויער, חיהישער ברוטאַלקייט און מיט שלעכטער אומפאַרשעמטער האַנדלונג און אינהאַלט, וואָס ווערן אין היינטיקע צייטן גיך פאַרקויפט, גיך געלייענט און גיך פאַרגעסן. דאָס זיינען די אַזוי גערופענע, אייניקע בעסטסעלערס פון אונדזער היינטיקן געשמאַקלאָזן ביכער־מאַרק.״

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ קוק געטאָן צו דער טיר. ווי זי וואָלט געוואָלט וויסן צי עמיצער הערט זיך ניט צו, און דערנאָך האָט זי פאָרגעזעצט.

״צו־זאַמען וועלן מיר אַרבעטן אויף די איבערזעצונגען פון דיינע ווערק. איך האָף, אַז עס וועט זיין אַ דערפאָלג. איך בעט דיר, זאָרג מער ניט וועגן מאַכן אַ לעבן. איך וואָלט זיך געשעמט צו זיין דיין ווייב, ווען איך טרייב דיר צו זוכן פרנסה פאַר מיר. דיין באַרוף איז צו זיין אַ שרייבער און נאָר אַ שרייבער, ווייל מיר דוכט, ביסט דאָך נאָר צוליב דעם געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט, אַז דו זאָלסט זיין אַ שרייבער און ניט עפּעס, וואָס איז ניט אין דיין נאַטור...״ טרערן זיינען געשטאַנען אין אירע אויגן ווען זי האָט אַרויסגעזאָגט די ווייטערדיקע ווערטער: ״ווי לאַנג איך לעב, און בין געזונט וועל איך דיר העלפן, ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין אַ שרייבער פון ליטעראַרישער, קינסטלערישער שאַפונג, און ניט פון שמוץ און שונד, נאָר כדי צו פאַרדינען אַ סך געלט... אָה, מיין גאָט, אין אונדזער ליבער און גוטער, דעמאָקראַטישער, רייכער אַמעריקע זיינען נאָך אַלץ ניט פאַראַן קיין שום אינסטיטוציעס צו העלפן אַן אינדיווידואַלן, אַן איינצעלנעם, אַ באַזונדערן מענטש, וואָס האָט אַן אמתן טאַלאַנט צו שרייבן גוט, פּשוט, שיין און קלאָר און דערביי זאָל דער אינהאַלט פון דער געשיכטע זיין לאָגיש, אינטערעסאַנט, פאַרכאַפּנדיק און ניט אויסגעזויגן פון פינגער, ניט קיין אַבסורד און ניט קיין שמוץ אָדער כאַאָטישע מערדערייען... זייער פיל טאַלאַנטירטע פּאָעטן, שרייבער, קאָמפּאָזיטאָרס און מאָלער, ווערן דאָ פאַרלוירן, ווייל זיי האָבן זיך ניט געקענט דערשלאָגן צו אַנערקענונג. איך וויל ניט, אַז אויך דו, מיין הערשעלע, זאָלסט ווערן אַ קרבן פון אַזאַ אָ סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.״

אין דעם אָ שבת צו נאַכט בין איך ניט געגאַנגען צוריק אין מיין האָטעל. איך בין געבליבן מיט מיין באַשערטער ביז דעם זונטאָגדיקן פרימאָרגן. מיר זיינען זיך פאַרשלאָפן ביז צוועלף־בייטאָג. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין דעם עס־צימער, האָט אונדז ענא און מעקס באַגריסט מיט צאַרטע ״מזל־טוב׳ס.״ אין זייערע אויגן זיינען געווען טרערן פון פרייד גלייך ווי זיי וואָלטן געווען

אונדזערע טאַטע־מאַמע.

אין אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר חתונה געהאַט.

אונדזער גליקלעך לעבן צוזאַמען איז אָנגעגאַנגען פאַר אַכצן יאָר. עס איז געווען ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע געהייראַטע פּאָרלעך, וואָס האָבן אונדז געקענט, צו זעען וויאַזוי מע קען לעבן אין שלום און אין האַרמאָניע, אין ליבע און אין פאַרשטענדעניש און אין צוטרוי איינס צום אַנדערן.



איך האָב נאָך אַלץ מיטגעאַרבעט "צייטווייליק" אין "די צייט" כאָטש איך האָב שוין געוואוסט, אַז דער הויפּט רעדאַקטאָר, בערל קופּער איז ניט צעפרידן צו זעען מיך עטליכע מאָל אין אַ וואָך, אין זיין אָפּיס. ער וואָלט מער צופרידן געווען ווען איך וואָלט זיך צוריקגעקערט קיין ישראל און פון דאָרט אים, פון צייט צו צייט, צוגעשיקט מיינע שרייבעכצן, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו זיין געשמאַק און זיין פּאַרלאַנג. בערל קופּער איז שטענדיק געווען אויף דער וואַך, אַז קיינער פון די צייטווייליקע, דרויסנדיקע מיטאַרבעטע, פון זיין צייטונג, זאָלן ניט קענען ווערן קיין שטענדיקע סטעף־שרייבערס. און פּילייכט איז ער טאַקע געווען גערעכט, ווייל צופיל שרייבער האָבן געצויגן פון דער צייטונג זייער חיונה. דער לייענער איז באַשטאַנען פון אַן עלטערן עלימענט או איז פון וואָך צו וואָך געוואָרן איינגעדאַרטער, ווייניקער, די צייטונג האָט אָנגעהויבן פינאַנסעל צו זינקען אין חובות. עס האָט אויסגעפּעלט געלט צו צאָלן די שכירות דעם שוין אַזוי אויך צו גרויסן שרייבער־סטעף, איז צוליב וואָס נאָך צוציען זייטיקע שרייבערס? עס איז דעם הויפּט־רעדאַקטאָר ניט געווען וואָס צו מקנא זיין. זיין אומעטיק, אויסגעצויגן פּנים איז געוואָרן נאָך אומעטיקער און נאָך אויסגעצויגענער. עס האָט אים פילייכט ווי געטאָן דאָס האַרץ אָפּצוזאָגן פון דרוקן אַ גוט אַרטיקיל, אַ גוטע עסיי און אַ גוטע דערציילונג פון אַ דרויסנדיקן שרייבער, ווייל מע דאַרף דאָך אים צאָלן האָנאָראַר, און דאָס געלט, אין קאַסע, איז געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער...

אין יענער צייט האָב איך גראָד פאַרענדיקט דאָס שרייבן, מיין גרויסן צווייבענדיקן ראָמאַן, "קאָמיסאַרן". האָב איך דאָס ווערק אַוועקגעשיקט אין דעם איינציקן גרויסן אידישן פאַרלאַג, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין דער אידישער וועלט: "דאָס פּוילישע אידנטום." דער פאַרוואַלטער פון דעם פאַרלאַג, מאַרק טורקאָוו, אַ קלוגער און פיינער מענטש, וועלכער האָט זיך ניט גערעכנט מיט קיין שום פּליאַטקעס, נישטפּאַרגינערישקייטן, און ביליקע שרייבערישע פּאָליטיקס... נאָר האָט זיך גערעכנט נאָר מיט דער קינסטלערישער ווערט פון די ביכער, וואָס ער גיט אַרויס, ער האָט אָפּגעדרוקט

מיין גרויסן ראָמאַן קאָמיסאַרן אין צוויי בענד. עס איז דאַן געווען אַ אידישער "בעסט סעלער" אין אַרגענטינער ביכער מאַרק. אַלע אידישע צייטונגען אין דער וועלט האָבן געגלויבט מיין ראָמאַן "קאָמיסאַרן." און אין "די צייט" האָט איין ביז גאָר וויכטיקער און חשובסטער שרייבער פון דער צייטונג שלמה ליבגאָלד, זיך אָפּגערופן מיט אַ גרויסער און זייער גוטער רעצענזיע, און צווישן אַנדערע גלאָריעס פון זיין פען זיינען אויך געווען אַזעלכע אַרויסזאָגענגען:

"הערשל וויינרויך איז איין צייט געווען אין בירא־בידזשאַן און ער האָט אַזוי אַרום אַלץ געזעהן מיט די אייגענע אויגען און ער שילדערט מיט אומפּאַרגלייכליכער איינדרינגליכקייט די גאַנצע אידישע טראַגעדיע פון דעם דאָזיגן אומגליקליכען עקספּערימענט. ער האָט געקענט די אידישע קאָמיסאַרן וואָס זיינען געשיקט געוואָרן אַהין, די אידישע שרייבער וואָס זיינען געשיקט געוואָרען אַהין, די אידישע שרייבער וואָס זיינען אַהין געפאָרען, און ער האָט געזעהן דעם מאָראַלישען פּאַנאַנדערפאַל פון אַ סך פון זיי, און ער האָט דורכגעבליקט די קאָמוניסטישע אינטריגעס דורך וועלכע די מאַכט האָט זיי ליקווידירט. אָה, שפינען קענען זיך לערנען ביי די קאָמוניסטען ווי אַזוי צו וועבען נעצן...

"אַ ברייטע עפּאָפּייע איז דער ראָמאַן "קאָמיסאַרען" און אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג. אָבער איבער דער קינסטלערישער לופט פון דעם ווערק טראָגט זיך נאָך אַ באַזונדערער דופט, עפּעס אַזוי ווי דער פאַרפאַסער וואָלט ניט אַזוי אויסענגעווען צו געבען דער וועלט אַ קינסטלעריש ווערק, ווי צו ברענגען דער וועלט אַ שרעקליכען אמת, אַן אמת וואָס זי מוז וויסען פאַר איר וואוילזיין, פאַר איר לעבען.

"און אויף אָט דער נאָטע ווילט זיך מיר ענדיגען און זאָגען: וואויל צו ד׳עם שרייבער! ניט קיין ווערק האָט ער אָנגעשריבן, נאָר אַ וואוילטאַט האָט ער געטאָן, אַ חסד מיט זיין שפראַך, זיין פאָלק און זיינע מיטמענשען.

מאָנטיק, מאַרטש 18, 1963"

אין דער זעלבער צייט איז דער ראָמאַן דערשינען אין ענגליש אין טיליעס איבערזעצונג, און עס איז דאַכט זיך ניט געווען קיין איין ענגלישע צייטונג אין גאַנץ אַמעריקע, וואָס זאָל ניט געווען לויבן מיין ראָמאַן "טהע קאָמיסאַר", ווי עס האָט געהייסן אין ענגליש. (פאַרקורצט און אין איין באַנד.)

מיין טיליע איז געווען אַזוי גערירט און צופרידן פון די אַלע גוטע און מיך לויבנדע רעצענזיעס, אַז זי האָט צו מיר מיט זייער פיל ליבשאַפט אַ זאָג געטאָן:

"הערשעלע, ווען דו ברענגסט מיר אַ מיליאָן דאָלאַרן וואָלט איך פון דעם ניט געווען אַזוי צופרידן ווי פון דעם, וואָס איך לייען וועגן דיר און וועגן דיינע שאַפונגען אַזעלכע גוטע אָפּרופן. דו ווייסט וואָס דאָס מיינט" — האָט זי געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן — "אַז אַ ליטעראַרישער קריטיקער, אַן

אוניווערסיטעט פראָפעסאָר האָט דיך און דיין ווערק צוגעגלעכן צו טאָלסטוי׳ס, ״מלחמה און שלום.״

און נאָך מער איבעראַשט און צופרידן איז טיליע געווען, ווען איך האָב אָנגעשריבן מיזי ״קרעדאָ״ אין וועלכער עס איז געווען אויסגעדרוקט מיינע פערזענלעכע אידייעס און אידעאַלן וועגן מענטשן און וועגן אַלץ וואָס איך פיל און זע אין דער וועלט און דאָס אָפּגעדרוקט אין אַ קליין ביכל, וואָס איך האָב אָנגערופן: **אַדאַמיזם**. דערנאָך האָט טיליע איבערגעזעצט דאָס ביכל אין ענגליש און האָט אַוועקגעשיקט דעם אָ, אומגעווייינליכן מאַניוסקריפּט, צו איינעם פון די גרעסטע, קלוגסטע און בעסטע פערזענליכקייטן פון אונדזער היינטיקער שווערער צייט, צו דעם גאון אַלבערט איינשטיין. און איינשטיין האָט פאַר מיר געעפנט אַ טיר, געפונען פאַר מיר גענוג צייט און געדולד איבערצולייענען מיין **אַדאַמיזם**, דערנאָך מיר צוריקשיקן דעם מאַניוסקריפּט און אויך צושיקן אַ פערזענלעכן וואונטש צו מיר, אַז איך זאָל האָבן דערפאָלג, ווי אויך זיין פערזענלעכן מיינונג וועגן מיר, אַז איך מוז זיין אַ גוטער מענטש, אַ מענטש וואָס שטרעבט צו העלפן און גוטס טאָן צו אַנדערע מענטשן.

מיר האָבן ביידע געהאַט אַ גליקלעך לעבן פאַר פילע יאָרן. מענטשן זיינען אונדז מקנא געווען. מיר האָבן געהאַט אַ שיינעם אַפּאַרטמענט אין ברוקלין און אויך אַן אייגן הויז, אין אַ שיינעם דאָרף פון וועסטשעסטער געגנט. דאָס איז געווען אונדזער הויז פאַר אונדזערע זומער וואַקאַציעס און פאַר אונדזער צוקונפט, ווען מיר וועלן עלטער ווערן, זיך צוריקציען פון אַלע ״פּרנסות״ אויף צו מאַכן אַ לעבן, און ווי ״רעטייערטע״ מענטשן וועלן מיר זיך פאַרגינען צו לעבן אַ שטיל, אַ רויק און אַ מנוחה׳דיק לעבן...

אָבער ווי גייט דאָס ווערטל: אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט!..



פלוצלים איז מיין טיליע, מיין טייבעלע, מיין געזאַנג פון לויב און ליבע, קראַנק געוואָרן. עס איז געוואָרן שווער פאַר איר צו פאָרן אַהין און צוריק, אין דעם הויז פאַר אונדזערע וואַקאַציעס. מיר האָבן דאָס הויז געמוזט פאַרקויפן. מיר האָבן זיך איבערגעצויגן פון אונדזער דירה אין ברוקלין, קיין מאַנהעטן, אין אַ ליוקסעס אַפּאַרטמענט פון דעם ערשט ניי־אויסגעבויעטן לינקאָלן טאַוערס, וואָס איז אין דער געגנט פון דעם ערשט ניי־אויסגעבויעטן, ראַכוועסדיקן און שיינעם, וועלטבאַרימט־געוואָרענעם לינקאָלן צענטער, וואו עס געפינט זיך איצט אויך די נייע געביידע פון דער מעטראָ־אָפּערע, פון די קינסטלערישע דראַמע טעאַטערס און פון דעם ניו־יאָרקער פילאַרמאָניק אָרקעסטער. מיר האָבן דאָס געטאָן כדי מיר זאָלן זיין נעענטער צום גרויסן צענטער פון קולטור און קונסט, און כדי מיין קראַנקע פרוי זאָל האָבן די מיגליכקייט צו געניסן פון דער קולטור און קונסט אַ דאַנק דער נאָענטקייט פון אונדזער נייער רעזידענטס. פאַר טיליען איז דאָס געווען צו־גלייך ווי ברויט צום עסן, ווי וואַסער צום טרינקען און ווי לופט צו האָטעמען. און ווען מע האָט אויסגעבויט אין דער זעלבער געגנט די ניי לינקאָלן סקווער סינאַגאָגע, האָט זי מיך געשלעפּט יעדער שבת אין שול אַריין, פילייכט ניט אַזוי צוליב די תפילות, ווי צוליב דעם געניס פון דער מוזיקאַליש־קינסטלערישער ליטורגיע אין דעם דאַווענען, ווי אויך זיך צו־צוהערן צו די דרשות פון דעם נייעם, יונגען, אַמעריקאַנער געבוירענעם, רבי שלמה ריסקין, דעם גייסטיקן וואָרטזאָגער פון דער ערשט ניי געשאַפענער לינקאָלן סקווער סינאַגאָגע.

עס זיינען אַוועק עטליכע חדשים און טיליעס קראַנקייט האָט אָנגעהויבן צו ווערן ערגער און ערגער. איך האָב שוין מער ניט אין זינען געהאַט צו שרייבן און זיך צו פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. מיין ווייב האָט אויפגעגעבן אַלע אירע אַרבעטן סיי אין קאַלעדזש אַזוי אויך אויפן ליטעראַרישן געביט. די דאָקטוירים האָבן איר איבערגעפירט אויף ״דיסאַביליטי״ און אַנשטאָט איר חודשליכן געהאַלט, ווי זי האָט פריערט באַקומען פון איר אַרבעט־פּלאַץ, האָט זי איצט אָנגעהויבן צו באַקומען אַ ״טיטשער׳ס פּענשיאָן״ און אויך אַ ״סאָשל סעקיוריטי טשעק.״ איך האָב זיך שטאַרק געזאָרגט, וואָס איך קען ניט פאַרדינען גענוג געלט, און מיין ליבע פרוי, כאָטש זי איז געווען געפערלעך קראַנק, האָט זי גאָר מיך געטרייסט:

״זאָרג זיך ניט הערשעלע, וואָס דו פאַרדינסט אַזוי ווייניק געלט. דו ביסט דערקענט געוואָרן, סיי פון דער אידישער און סיי פון דער ענגלישער קריטיק, אַלס אַ גוטע שרייבער און פון דעם האָב איך מער פאַרגעניגן ווי ווען דו וואָלסט פאַרדינט גרויסע געלטן.״

מיין אָרימע, גוטע טיליע. זי האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט ווי ערנסט קראַנק זי איז, און אַז עס וועט קאָסטן זייער פיל געלט צו ראַטעווען איר ברילאַנטן טייער לעבן. און איך, וואָס האָב איך געקענט טאָן?.. פון מיינע געדרוקטע

ביכער און פון מיינע מיטאַרבעטונגען אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן האָב איך פאַרדינט ניט מער ווי וואַסער אויף קאַשע... און לעצטנס האָבן שוין די צייטונגען און זשורנאַלן אײַנגאַנצן אויפגעהערט צו צאָלן האָנאָראַר צו די דרויסנדיקע שרייבער, די אַזוי גערופענע "פרילענס רייטערס"... איצט מער ווי פריער האָב איך געוואָלט פאַרדינען אַ סך געלט. איצט מער ווי פריער האָב איך געוואָלט זיך צושלאָגן צו עפּעס אַ מין פּרנסה און ניט אויסגעבן די לעצטע דאָלאַרן, וואָס מיר, ביידע, האָבן אָפּגעשפּאָרט און דאָס אַריינגעלעגט אין אַ באַנק. אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין ניט פעיק צו גאָרניט, אויסער צו שרייבן און צו אַרבעטן אין אַ צייטונג?.. איך בין דאָך אַריינגעצויגן געוואָרן, ווי מיט אַ פאַרכושפטן מאַגנעט, אין דער שרייבישער קונסט־מלאכה, ווען איך בין נאָך געווען אַ פּופּצן יאָרק אינגל, און קיין אַנדער פאַך האָב איך שוין פון דאַן אָן קיינמאָל ניט געלערנט.

עס איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ רעליגיעזע נאָגעניש און איך האָב זיך צעוויינט און איך האָב געבעטן: "גאָטעניו, העלף איר, העלף מיין ווייב. טיליע איז דאָך אַ צדקת. העלף איר!.." און איך האָב זיך אויסגעטענהט מיטן רבונו של עולם, אַזוי ווי לוי יצחק פון בערדיטשעוו האָט דאָס געטאָן און געפרעגט און געפאָדערט:

"רבונו של עולם, פאַרוואָס קומט עס אונדז? איז דאָס אפשר דערפאַר ווייל ניט נאָר לייט, נאָר דו אַליין, מיין גאָט, האָסט אונדז ניט פאַרגונען די גוטע און גליקלעכע אַכצן יאָר פון אונדזער ביידנס צוזאַמענלעבן אין ליבע און אין שלום?.."

און מער האָב איך ניט געקענט פרעגן קיין שאלות. איך האָב ניט געקענט האָבן קיין שום פּרעטענזיעס ניט צו לייט און ניט צו גאָט. פון מיין קינדהייט האָב איך פאַרגעדענקט אַ לידל, וואָס אַ גראַמאַפאָן־פּלאַטע פון עפּעס אַ אידישן זינגער האָט אויסגעזינגען, אַז: "גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט." אָבער איך האָב יאָ אויסגערופן: "גערעכטער גאָט פאַרוואָס אוסטר אַזאַ אומגערעכט געטאָן צו מיין ליבער טיליע און צו מיר, דיין קנעכט?.."

איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל שוין קיינמאָל ניט קריגן קיין ענטפער. דאָס איז עס. אַ מענטש לעבט און אַ מענטש שטאַרבט. איינער פריערט און איינער שפּעטער. דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז מער ווי דריי חדשים וועט זי ניט לעבן, אָבער זי האָט געלעבט נאָך ניין חדשים...

עס איז געווען זומער און עס איז געוואָרן ווינטער. דער ווינטער איז אַוועק... און עס איז אָנגעקומען דער פרילינג. עס איז געווען דער שיינער חודש מאַי, די צייט פון לעבן און פון בליונג. די צייט ווען די זון שיינט מיט גאָלדענע שטראַלן און מענטשן פילן זיך גליקלעך. און אַזוי, אין אַזאַ גוטער צייט איז טיליע, מיין ווייב, מיין ליבע, מיין געזאַנג פון לויב און תפילה פאַרשניטן געוואָרן. זי איז געשטאָרבן אין גרויסע ווייטאָקן און אין פּיינלעכע יסורים. אין

דעם טאָג פון איר לוויה האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. איך מיין, אַז הימל און ערד האָבן געוויינט נאָך איר, אין דעם טאָג...

און איצט. אַזויפיל יאָרן פאַרגאַנגען און עס איז ווידער אַ מאַי טאָג און עס איז גראָד אַ שיינער, אַ זוניקער טאָג, אָבער היינט, ווי פריער אין דעם יאָרצייט־טאָג, גיי איך ניט אַרויס פון מיין שטוב. איך זיץ ביי מיין גרויסן, פון וואַנט צו וואַנט, פענצטער, וואָס קוקט אַראָפּ צום שטילן, שפּיגלדיקן האָדסאָן־טייך און איך טראַכט: אַ גאָט, זיי באַרמהערציק צו דער נשמה פון מיין געליבטער פרוי, וועלכע איז גערופן געוואָרן צו איר אייביקער היים.״ און איך פיל, אַז ״ביים דערמאָנען די טויטע ביי זייערע נעמען, ווערן זיי פאַר אונדז צוריק לעבעדיק...״

איך האַלט דעם תנך אין מיינע הענט און איך לייען: ״די ווערטער פון קהלת דעם זון פון דודן, דעם מלך אין ירושלים. נישטיקייט פון נישטיקייט, זאָגט קהלת, אַלץ איז נישטיקייט... אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט, און די ערד באַשטייט אייביק... וואָס עס איז געווען דאָס וועט זיין, און וואָס עס איז געשען דאָס וועט געשען, און ניטאָ קיין נייס אונטער דער זון.״

און אַזוי איז מיין טאָג פון שווייגן און מעדיטירן און תפילה טאָן אַוועק, כאָטש איך ווייס דאָך, אַז מאָרגן וועט זיין אַן אַנדער טאָג און איך וועל זיין צוריק דער זעלבער מענטש ווי אַלע אַנדערע מענטשן, ווייל דער וואָס לעבט מוז לעבן, און דאָס איז דער פונק פון אמת. גאָרניט איז ניט ניי אונטער גאָטס זון און גאָטס ערד, קיין שום מענטש לעבט ניט אייבעק. אָבער ווייל מע לעבט דאַרף מען לעבן, און עס לוינט זיך ניט, אַז איין מענטש זאָל אַ צווייטן שלעכטס טאָן.

״סוף אדם למות״, איז זאָל כאָטש דאָס קורצע לעבן זיין באַגליקט מיט געזונט, מיט פּרנסה און מיט שלום.



# ליאָוועטשקאַ באַלאַנצאָוו

טיף אין שוואַרצן וואַלד, וואָס איז פּראַקטיש פֿאַרגליווערט — און וואו די ביימער זיינען אַזוי געדיכט און נאָענט איינס לעבן אַנדערן, אַז אַ מענטש קען זיך קוים אַדורכרוקן דורך זיי — אָט־דער וואַלד, ניט ווייט פֿון דער שטאָט וואָראָניעזש, איז געווען דער אָנהויב פֿונעם צענטראַלן פֿראָנט, פֿון וואַנען מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטרייבן די דייטשן פֿון דער רוסישער ערד.

די זעכצנטע אַרמיי האָט דאָ ערגעץ, טיף אין וואַלד, געהאַט אירע הויפּט־קוואַרטירן. דאָס זיינען געווען פֿייכטע און פֿינסטערע טראַנשיי־גריבער אויסגעשטאַט מיט הילצערנע בעטלעך, בענקלעך און טישן. אויף יעדער טיש איז געשטאַנען אַ טעלעפֿאָן, געלעגן פּעק פּאַפּירן, און די שטאַב־מייז (אַזוי האָט מען גערופֿן די אָפֿיצערן פֿון דעם פֿראָנטס הויפּט־קוואַרטירן) זיינען געזעסן איינגעבויגן איבער די פּעק מיט פּאַפּירן און פֿון צייט צו צייט אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרייבל פֿון טעלעפֿאָן און געגעבן אַ קאָמאַנדע:

— פֿייער צום איין־און־צוואַנציקסטן פּונקט.

יאָ, די אויסשפּיר־קאָמאַנדע פֿון דעם שטאַב האָט געבראַכט ריכטיקע ידיעות. די דייטשן האָבן זיך איצט באַזעצט אויף דעם פּונקט. בכדי צו וויסן די צילן פֿון די דייטשן, ביים פֿאַרכאַפּן דעם פּונקט, איז וויכטיק צו פֿאַנגען פֿון יענער פּאָזיציע אַ דייטשישן אָפֿיצער. דערפֿאַר טאַקע האָט זיך באַלד דערהערט אַ צווייטע קאָמאַנדע:

— אַרויסשיקן אַן אויסשפּיר־אָפּטייל איבערן טייך דאָן. ברענגען אַ צונג!...

אַ צונג?

דאָס האָט געמיינט אַ געפֿאַנגענער דייטש.

אויסשפּירונג איז געווען מייַן טעטיקייט. איך בין געווען איינער פֿון די עטלעכע שטאַב־אָפֿיצערן פֿון דעם "צווייטן אָפּטייל", וואָס האָט געמיינט דער אויסשפּיר־אָפּטייל פֿון דעם שטאַב פֿון דער זעכצנטער אַרמיי. ווען דאָס זאָל



געווען זיין זומער־צייט, דאַן וואָלט מען זיך געמוזט אַריבערכאַפּן איבערן טייך מיט גומענע שיפעלעך. אָבער אַזויווי דער דאָן־טייך איז איצט געווען פאַרפרוירן האָבן די רויט־אַרמייער אויף זיך אָנגעטאָן ווייסע כאַלאַטן און קריכנדיק איבער דעם שניי־באַדעקטן טייך איז מען ווי צוזאַמענגעוואַקסן מיטן ווייס־פינקלדיקן שניי. די דייטשן האָבן ניט באַמערקט וויאַזוי מען איז אַריינגעדרונגען גאָר נאָענט פון זייערע פּאָזיציעס.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי יעדער אויסשפּיר־אָפּעראַציע האָבן מיר ניט פאַרגעסן מיטצונעמען אונזער ״פּערעוואָדשיק״ — דעם איבערזעצער, וועלכער איז אין די פּאַפּירן פון דעם שטאַבס־קאַדרען געווען רעגיסטרירט ווי ליעוו סטעפּאַנאָוויטש באַלאַנצאָוו. אַלע אין שטאַב האָבן אים אָבער גערופן מיט ליבשאַפט און פאַרצויגן ״ליאָוועטשקאַ באַלאַנצאָוו״.

דאָס איז געווען אַ יונגער, בלאָנד־האָריקער שייגעץ, מיט אַ ווייס־צערטלעך פּנים און גוטע, ליב־בלויע אויגן. מיר האָט זיך שטענדיק געדוכט, אַז אַ מין אידישער חן איז באַהאַלטן אין די־אָ בלויע אויגן. אָבער אין די שטאַבס־פּאַפּירן איז ער געווען פאַרשריבן ווי אַ רוס. בין איך בלויז געבליבן ביי מיין געדאַנק.

ליאָוועטשקאַ באַלאַנצאָוו איז געווען אַ וואויל אינגל; אַ קלוגער און אַ געלערנטער דערצו. ער האָט געהאַט פאַרענדיקט דעם פאַקולטעט פון אויסלענדישע שפּראַכן אין אַ מאָסקווער אוניווערזיטעט; און אויסער זיין פּערפעקטן רוסיש האָט ער אויך באַהערשט פראַנצויזיש, ענגליש און דייטש.

אונזער טראַנשיי־גרוב איז געווען טונקל באַלויכטן פון בלעכענע קעראָסין־לאָמפּן און אין דער טונקלקייט פון דער קאַרגער שיין האָבן זיך געהוידעט די שאָטנס פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טראַנשיי. בכדי עס זאָל זיין אַביסל ליכטיקער פלעגן די אָפיצערן אַליין זיך באַוואָרענען מיט ליכט, וועלכע זיי פלעגן אָנצינדן און צושמעלצן צו אַ שטיין, אַ ציגל אָדער אַ קאָנסערוון־פּושקע. אַזוי אַרום איז כמעט אויף יעדער טיש געשטאַנען אַן אָנגעצונדן ליכטל.

און ליאָוועטשקאַ?

פון צייט צו צייט, ווען ער האָט געהאַט אורלויב אויף אַ טאָג אָדער צוויי, פלעגט ער פאָרן קיין וואָראָניעזש און פון דאָרט מיטברענגען אַ פּעקל ליכט. אויף זיין טישל איז שטענדיק — אויסער דעם טעלעפאָן, ביכער און פּאַפּירן — אויך געלעגן אַ ציגל; און צום ציגל איז געווען צוגעשמאָלצן אַ ברענענדיק ליכט. דאָס ליכט האָט געברענט און זיין שיין פּנים האָט געשיינט מיט קינדערישער פרייד און פאַרגעניגן. וואָלט איך ניט געוואוסט, אַז ער איז אַן עכטער רוס, וואָלט איך געקענט פאַנטאַזירן: ער איז אַ אידישער בחור פון אַ טראַדיציאָנעלער משפחה; און ווען ער צינדט אָן אַ ליכטל און שמעלצט עס צו צום ציגל, חלומט ער וועגן זיין מאַמעס אָדער באָבעס שבת׳דיק ליכט־בענטשן. אָבער ביים וויסן, אַז ער איז אַ רוס, האָב איך גלאַט אַזוי אָנגעקוואָלן פון אים.

איינמאָל, אין איינעם פון די רוסיש־פּראַקטיקע ווינטער־אויפדערנאַכטן, האָט ליאָוועטשקאַ אָנגעצונדן אין טראַנשיי־גרוב צוויי ליכט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט דערביי מיט די ליפּן איינגעשלונגען עפּעס אַן אויסדרוק פון אַ זאָג. די פּאָר אָפיצערן, וועלכע זיינען דערביי געווען אין טראַנשיי, האָבן זיך צעלאַכט.

— וואָס איז, ליאָוועטשקאַ, זעסט ניט גוט? נו, גיי צום דאָקטער וועט ער דיר געבן אַ פּאָר ברילן.

— פּאַר אַן אינטעליגענטן בחור, אַזויווי דו, פּאַסטן זיך אַ פּאָר ברילן אויף דער נאָז — האָט אַ צווייטער זיך אַריינגעמישט.

קאַפּיטאַן וואַניושין, דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג, האָט זיך אָנגערופן:

— עס איז ליאָוועטשקאַ׳ס ליכטלעך, זאָל ער צונדן וויפל ער וויל...

אויפן אַנדערן טאָג, פאַרנאַכט־צו, האָט ליאָוועטשקאַ אָנגעצונדן דריי ליכט. מיט אָ טאָג שפּעטער פיר ליכט. דערנאָך פינף ליכט. און אַזוי־אָ יעדער אויפדערנאַכט מיט אַ ליכט מער, ביז עס איז דערגאַנגען צו אַכט ליכט.

דער גאַנצער שטאַב און ווייט אַרויס פון שטאַב, איבערן וואַלד — ביז צו די ערשטע פייער־ליניעס — האָט מען געהאַלטן ליאָוועטשקען אין די מיילער און מען האָט זיך וועגן אים געוויצלט:

— געהערט וועגן דעם טשודאַק, ליאָוועטשקאַ באַלאַנצאָוו?

— וואָס אַזוינס?

— עס איז אים פּלוצים צו־פינסטער געוואָרן אין טראַנשיי־גרוב, צינדט ער אָן אפשר צוואַנציק ליכטלעך יעדעס מאָל...

— נו, אַן אינטעליגענט בלייבט אַן אינטעליגענט. די מאַמע זיינע וואָלט אים נאָך באַדאַרפט צושיקן ווייך בעט־געוואַנט!...

און די פייערלעך, זיי האָבן געברענט מיט אַלע קאָלירן פון אַ רעגנבויגן, געשיינט און זיך געהוידעט אויף די שוואַרצע, ערדענע ווענט פון אונזער טראַנשיי־גרוב. מיר האָט זיך געדוכט, אַז די העלדישע חשמונאים זיינען דאָ צוזאַמען מיט מיר און מיטן שיינעם, ליבן ליאָוועטשקאַ. איך האָב צו אים געוואָלט אויסשטרעקן אַ אידישע ברידערלעכע האַנט און זאָגן: ״אַ גוטן חנוכה זאָלן מיר האָבן, טייערער ליאָוועטשקאַ״. עס האָט זיך מיר אויך געוואָלט אָנהויבן זינגען דאָס ליבע ליד פון מיינע קינדער־יאָרן, וואָס איך האָב געדענקט פון יענער ״ווייטער״ און ״פינסטערער״ צייט, ווען איבער רוסלאַנד האָט געהערשט דער בלוטיקער צאַר ניקאָליי דער צווייטער — און דאָך האָט אַ איד געמעגט אָפּהיטן אָפן און פריי זיינע שבתים און זיינע ימים־טובים. חנוכה, דער יום־טוב פון ליכט און זיג, איז אין מיין טאַטנס שטוב געפּראַוועט געוואָרן ברייטלעך און פריילעך. די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש די חנוכה־לאַטקעס, איך מיט מיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך האָבן געזונגען:




„אָ חנוכה, אָ חנוכה, אַ יום־טוב, אַ שיינער...‟ און דער טאַטע; נאָכטן בענטשן די פּיל־קאָלירקע, ווייסע־בלאָע־געלע־רויטע ליכטלעך האָט צוזאַמען מיט אונז אויך געזונגען:

מעוז צור ישועתי, לך נאה לשבח.
תכון בית תפלתי, ושם תודה נזבח.
לעת תכין מטבח,
מצר המנבח,
אָז אגמור בשיר מזמור, חנוכת המזבח.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַוועק מיט אַ גרופּע אויסשפּירער אויף אַ מיסיע... און בין פאַרוואונדעט געוואָרן. צו מיין באַוואוסטזיין בין איך געקומען אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל.

שפּעטער האָט זיך די מלחמה געענדיקט און כ׳בין צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „פרייען‟, ציווילן מענטש. דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן בין איך אַוועק פון דעם סאָוועטיש־קאָמוניסטישן גן־עדן, וואו אַ איד איז ניט קיין איד, ווייל מען לאָזט אים ניט דאָס צו זיין; און אַ מענטש איז ניט קיין מענטש, ווייל מען צווינגט אים דאָס צו זיין.

עס זיינען אַוועק יאָרן... ווען איך פלעג זיך דערמאָנען אין מיין געבורט־לאַנד, פלעגט מיר קומען פאַר די אויגן דער מיט פראָסט און אייז פאַרקאָווערטער וואַלד; דער טראַנשי־גרוב; און דאָס אינגל, דער איבערזעצער, ליאָוועטשקאַ באַלאַנצאָוו. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס מיט אים און פון אים איז געוואָרן.

* * *

און אָט איז עפּעס געשען. איך בין פאַרבעטן געוואָרן קיין ישראל צו דער

בר־מצווה פון מיין קרוב׳ס אַ זינדל; מיין נאָענטער קרוב איז אַ ליובאַוויטשער חסיד. פּלוצים איז צו מיין טיש — ביי וועלכן איך בין געזעסן איבן־אָן, ווי אַן אַמעריקאַנער גאַסט — צוגעקומען אַ מיטל־יאָריקער מאַן מיט אַ שיין־צעקעמטער, בלאָנדלעכער באָרד. ער האָט צו מיר אויסגעשטרעקט אַ וואַרעמע האַנט און געזאָגט ניט אין העברעאיש און ניט אין אידיש, נאָר אין רוסיש:

״קאַק פּאָזשיוואַיעטע, טאָוואַרישטש לייטענאַנט?״ (וואָס מאַכט איר, חבר לייטענאַנט?).

איך האָב אויפגעציטערט. דאָס איז געווען ליאָוועטשקאַס קול.

מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט. טרערן פון פרייד זיינען געראָנען פון אונזערביידנס אויגן. מענטשן האָבן אונז אַרומגערינגלט און זיך ביי אונדז נאָכגעפרעגט:

— איר זיינט קרובים?

— זיך לאַנג ניט געזען, האַ?

— נו, זאָל זיין אין אַ מזל׳דיקער שעה...

— דאַנקען גאָט, אַבי מען באַגעגנט זיך!

יאָ, דאַנקען גאָט פאַר דעם־אָ נס. לייבעלע באַלאַנצאָוו מיט זיינע עלטערן זיינען איצט פרייע און גליקלעכע בירגער פון ישראל. אָבער וויפל אַזעלכע לייבעלעך מוזן זיך אין ברעזשניאָוו׳ס רוסלאַנד רופן ליאָוועטשקאַ, סטיאָפּעטשקאַ און אַפילו וואַניוטשקאַ? וויפל פון זיי בלאָנקען נאָך אַרום איבערן גרויסן און פינסטערן רוסלאַנד און וואַרטן אויף דעם נס?

## פיר מעדאַלן, — צוויי גענעראַלן

דאָס איז אַ בעלעטריסטישע "פיקשן־כראָניק" כאָטש דאָס איז אַן אמת'ע און אַווירקלעכע פּאַסירונג, און ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה.

דערביי קומט דאָ צום אויסדרוק די מענטשלעכע האַנדלונג פון אַ טייל סאָוועטישע מענטשן — אַ באַווייז, אַז אויך אין סאָוועטן־רוסלאַנד קען נאָך אויפוואַכן אַן הומאַניטאַרע געוויסן.

*

* *

איך בין אַ פרידלעכער און אַביסל צוריקגעהאַלטענער מענטש. איך האָב זיך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ שרעקעוודיקן און דערפאַר אַפילו ניט געקענט טרוימען, אַז איך וועל גאָר אַמאָל באַלוינט ווערן מיט מעדאַלן פאַר העלדישקייטן. בלויז דורך אַ צופאַל האָב איך זיך דערדינט צום ראַנג פון אַ לייטענאַנט אין דער רויטער אַרמיי און זיך באַטייליקט אין קריג קעגן דייטשן נאַציזם.

אין יעדער אַרמיי, מלחמה־צייט, זיינען פאַראַן צוויי סאָרטן אָפיצירן: פּראָפעסיאָנעלע און ציוויל־מאָביליזירטע. די ערשטע זיינען דער יסוד פון דער אַרמיי און די צווייטע, זיינען איר רעזערוו. איך בין געווען אַן אָפיציר פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. דערפאַר האָב איך טאַקע ניט געוואוסט, וויאַזוי צו באַגיין זיך מיט אַלע נייע דערפינדונגען פון מאָרד. נאָך מער, איך האָב אַפילו ניט געקענט רייטן אויף אַ פערד און ניט געוואוסט וויאַזוי זיך צו שיפן מיט אַ שיפעלע אין אַ ים אָדער טייך.

אונדזער אַרמיי, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט איוואַן איוואַנאָוויטש האָט געדאַרפט באַשיצן די צוגענג צו סטאַלינגראַד: דעם טייך דאָן, דעם טייך וואָלגאַ און אויך דעם גאַנצן שטח פון וואָראָניעזש ביז סטאַלינגראַד. טאַקע זי האָט באַפרייט די שטאָט אָריאָל. מען האָט איר דערפאַר אַ נאָמען געגעבן "די רומפולע אַרמיי". אַלע סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן באַקומען מעדאַלן פאַר העלדישקייט און דאָס איז געווען מיין ערשטע אויסצייכענונג. אָבער איך האָב זיך ניט געהאַלטן פאַר קיין העלד, ווייל איך בין דאָך ניט געווען קיין אויסנאַם, נאָר איינער פון טויזנטער.

אין איינעם פון די טעג איז אונדז אויסגעקומען צו מאַכן אַן איבערגאַנג פון

איין פּאָזיציע צו אַ צווייטער אויף אַ שטח פון זעכציק מייל. מיר זיינען געגאַנגען פון זעקס פאַרטאָג ביז צען אין דער נאַכט. מיר זיינען געווען אויסגעמאַטערט, געפאַלן פון די פיס. כאָטש פון צייט צו צייט האָט מען זיך געקענט אַרויפכאַפּן אויף איינעם פון די באַגלייטנדיקע לאַסט־אויסטאָמאָבילן און זיך אַביסל אָפּרוען, האָב איך ניט אויסגענוצט אַזאַ פּריווילעגיע. כ׳בין די גאַנצע צייט געגאַנגען צופיס. איך האָב אַפילו ניט געוואוסט, אַז דערמיט גיב איך אַ ביישפּיל פון דערמוטיקונג און העלדישקייט צו די אַנדערע פוסגייער; אַז דאָס וועט פאַרשריבן ווערן אין די שטאַב־ביכער אויף מיין קאָנטע.

ווען מיר זיינען געקומען צום ציל, אין מיטן דער נאַכט, אויסגעשעפּטע און הונגעריק, האָבן מיר געטראָפן אַ שוואַרץ־פינסטערן וואַלד מיט געדיכט־סוקעוואַטע ביימער. זיינען מיר געפאַלן צו דער נאַסער ערד, גלייך ווי מיר אַליין וואָלטן ניט געווען קיין לעבעדיקע מענטשן נאָר אונטערגעהאַקטע ביימער.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר זיך איינגעגראָבן אין דער ערד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, באַלד ביי זון־אויפגאַנג, אַז מיר זיינען ניט ווייט פון אַ דאָרף; אַז פאַזע דעם דאָרף פליסט שטיל דער טייך דאָן, און אַז אויך אויף יענער זייט פון דעם דאָן־טייך געפינט זיך אַ דאָרף מיט אַ שטאַב פון אַן אַנדער אַרמיי. יענע איז ניט געווען אַזוי ״רומפּול״ ווי אונזערע; אָבער אויך אַ ״וויכטיקע״ אַרמיי, אָנגעפירט פון גענעראַל־מאַיאָר דאָברינין.

און וואו געפינען זיך די דייטשן? אויך דאָ, אויף ביידע זייטן פון טייך דאָן; אָבער אַרויף־צו, אַ צען־פופצן מייל ווייטער. דאָס איז געווען אַ גרויסער שטער. די דייטשן האָבן אויפגעכאַפּט יעדן שמועס דורך טעלעפאָן און ראַדיאָ צווישן די צוויי שטאַבן. דאָס האָט געשטערט דער קאָאָרדינירונג; דעם צוזאַמען־ריידן זיך פון איוואַנאָוו׳ן מיט דאָברינין. דערפאַר איז באַשטימט געוואָרן, אַז ביידע גענעראַלן זאָלן זיך באַנוצן מיט געהיימע בריוו, וואָס זיי וועלן איבערשיקן דורך לעבעדיקע שליחים, וועלכע וועלן זיך אַריבערכאַפּן איבערן דאָן־טייך.

אין אַ העלן זומער־טאָג, ווען די זון איז געשטאַנען הויך, אין סאַמע מיטן פון זעניט און האָט שרפה׳דיק זיך געשפּיגלט אין די שטילע דאָן־וואַסערן, האָב איך באַקומען אַ באַפעל זיך צוצושטעלן אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון גענעראַל איוואַנאָוו. ווען איך בין אַריין אין זיין צימער, איז נעבן אים געשטאַנען אַ בלאָנדלעכער און זייער־געשטופּלטער סאָלדאַט. גענעראַל איוואַנאָוו האָט מיר דערלאַנגט אַ פאַרזיגלטן פּאַקעט און געזאָגט:

— לייטענאַנט, איך באַשטים דיך דורכצופירן אַ זייער וויכטיקע אויפגאַבע. דו מוזט דאָס תיכף איבערגעבן דירעקט אין די הענט פון גענעראַל־מאַיאָר דאָברינין

דערנאָך האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויפן געשטופלטן סאָלדאַט:
„אָט־דער רויט־אַרמייער, טראָפים גאָרבענקאָ, איז אַ געניטער שווימער און אַ פיש־פאַנגער לויטן פאַך. ער וועט דיך שטיל איבערפירן אויף דער אַנדערער זייט טייך. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיין לעבן; אָבער דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַקעט. נאָכן אַריבער שווימען, גיי גלייך צום דאָרף. דער פּאַראָל איז **פאַראָוואָז**: געדענק דאָס! יעדער רויט־אַרמייער פון גענעראַל דאָברינינ׳ס אַרמיי וועט דיך פירן צום שטאַב!"

מיין באַגלייטער איז באמת געווען אַ קינסטלער. ער האָט געטריבן דאָס הילצערנע שיפעלע קונציק און שטיל און קוים באַרירט מיט די וועסלס די וואַסער־אויבערפלאַך. ס׳האָט גענומען ניט מער ווי צען מינוט און מיר זיינען בשלום אַריבער דעם טייך, אַרויסגעשלעפּט דאָס שיפעלע און עס באַהאַלטן צווישן דיביימער, וואָס זיינען געדיכט געוואַקסן ניט ווייט פון ברעג. גאָרבענקאָ האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, צווישן די בושעס ניט ווייט פונעם שיפעלע. די וועסלעס האָט ער גענומען מיט זיך. מיר האָבן זיך





אָפּגעשמועסט, אַז ער וועט דאָ ליגן און וואַרטן ביז איך וועל זיך אומקערן. אמת: אין דער זאָנע קענען זיך געפינען דייטשע פּאַטרולן און אויסשפּירער. דערפאַר קען מען אים, אָדער מיך, כאַפּן און געפאַנגשאַפט אָדער גאָר טויטן. נאָר פון דעם האָט זיך ניט געוואָלט טראַכטן.

איך בין אַוועק צו דער ריכטונג פון דאָרף מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. ווען כ׳האָב זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן צום שטאַב, בין איך געוווען באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס. ווען גענעראַל דאָברינען האָט אָנגעהויבן לייענען די געהיימע בריוו, איז זיין גלאַט־ראַזירקט פּנים געוואָרן פון ווייס רויט. ער האָט פּלוצים ערנסט און שטרענג צו מיר אַ קוק געטון:

— דו ווייסט דעם אינהאַלט?

— ניין, טאָוואַריש גענעראַל! — האָב איך געענטפערט.

דער גענעראַל האָט ווייטער געלייענט. מיך האָט מען דערווייל מכבד־געווען מיט הייסער טיי און אַ שטיק פּאַרהאַרטעוועטן ווייס־ברוינעם קוכן. ווי נאָר איך האָב אויסגעטרונקען די טיי און פאַרביסן מיטן קוכן, איז שוין פאָר מיר געווען פאַרטיק אַ געהיימער ענטפער אין אַ פאַרזיגלטן קאָנווערט, צום גענעראַל איוואַנאָוו. כ׳בין אַרויס פון דער איינגעזונקענער, האַלב־צעפאַלענער דאָרפס־כאַטע, וואָס האָט קאַמופלאַזשירט דאָברינינס שטאַב־קוואַרטיר, און זיך געלאָזט צוריק צום טייך. ס׳איז מיר געראָטן זיך אומצוקערן צום זעלבן אָרט, וואו מיין באַגלייטער־סאָלדאַט איז געווען באַהאַלט. איך האָב דערזען דאָס שיפעלע און עס געקושט. דאַן האָב איך שטיל אַ רוף געטאָן: ״טראָפים גאָרבענקאָ!״. אָבער קיין ענטפער איז ניט געקומען. איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, גענישטערט צווישן די ביימער, קוסטעס און בושעס, ווידער גערופן:

— טראָפים, דאָס בין איך, דיין לייטענאַנט — אָבער כ׳האָב שוין איצט פאַרשטאַנען, אַז ער איז געכאַפּט געוואָרן פון אַ דייטשן פּאַטרול, אַז זיי האָבן אים מיט די וועסלעס אָפּגעפירט צום דייטשישן גענעראַל שטאַב. און אַז גאָר גיך וועלן זיי ווידער קומען צו דעם זעלבן אָרט כדי דאָס שיפעלע און מיך פאַרכאַפּן... בין איך געקראָכן אויף הענט און פיס ביז צום ברעג פון דאַן. פון יענער זייט ברעג איז געשטאַנען אַן אָפיציר פון איוואַנאָווס שטאַב און געמאַכט צו מיר צייכנס מיט זיינע פאָכנדיקע הענט, אַז איך זאָל וואָס־שנעלער קומען צוריק. ס׳איז אַ סכנה! האָב איך זיך אומגעקערט צום שיפעלע און עס צוגעשלעפּט צום ברעג.

איך האָב אַ שטופּ געטאָן דאָס שיפעלע אין וואַסער אַריין און בין באַלד אַריינגעשפּרינגען דערין. מיטן אַרויסגעשלעפּטן ברעטל פון געזעס האָב איך גענומען גיך־גיך שאַרן, פּאַטשן איבערן וואַסער און טרייבן דאָס שיפעלע צום צווייטן ברעג. דאָס שיפעלע איז געשווימען ווי איבער אַ גלאַנציק־גליטשיקן

שפיגל; און כאָטש די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין, אין דער רויט־שקיעה׳דיקער מערב־זייט פון הימל, האָב איך פּאָרט געזען אין טייך די אָפּשפּיגלונג פון זיך; וויאַזוי איך טרייב דאָס שיפעלע מיט אַ פּשוט ברעטל, אָנשטאָט אַ פּאָר וועסלעס. אָט בין איך שוין אין מיטן טייך, האַלב־וועג צו מיין ישועה. נאָך אַ פּאָר מינוט און איך בין אַן אויסגעלייזטער.

אָבער פּלוצלים איז דאָס שיפעלע געבליבן שטיין אויף איין אָרט, געדרייט זיך אין אַ קאַראַהאָדיקן טאַנץ, כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַריין אין אַ פאַרכישופטן וואַסער־גדריי...

״גאָט מיינער״, האָט זיך אין מיין נשמה צעווייטיקט אַ געבעט, ״העלף! העלף מיר אַרויסקריכן פון דעם־אָ פאַרשאָלטענעם וואַסער־געדריי!״

מיטאַמאָל האָט פון ערגעץ אַ יאָג געטאָן אַ קרעפטיק ווינטל און איך האָב מיט מיין ברעטל און דעם גאַנצן כח אַ פּאַטש געטאָן איבערן וואַסער. דאָס שיפעלע איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן פונעם טויטלעכן וואַסער־געדריי.

ווען כ׳בין צוגעקומען צום ברעג, האָבן מיך מיינע חברים שטיל און האַרציק באַגריסט. מען האָט מיך גלייך אָפּגעפירט צום שטאַב, וואו איך האָב אָפּגעגעבן פערזענלעך דעם געהיימען ענטפער־בריוו אין גענעראַל איוואַנאָווס הענט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אין אונזער שטאַב־קוואַרטיר געוועזן אַן עקסטרע באַראָטונג פון אַלע אָפיצירן, אָבער פּאָלקאָווניק יעראָמיי באַלאַכאָוו, דער הויפּט פון צווייטן אָפּטייל — אַן איינהייט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסשפּירונג — איז ניט געקומען אין צייט. מען האָט צוביסלעך אונטערגעשמייכלט, ווייל ס׳איז געווען באַקאַנט, אַז אין דעם ניט־ווייטן דערפל, וואָס געפינען זיך אַ פינף־זעקס מייל פון שטאַב, האָט באַלאַכאָוו איינגעאָרדנט זיין געליבטע. דאָס איז אַ בלאָנדע קראַסאַוויצע, וועלכע פּאָרט אים נאָך אויף אַלע פראָנטן און שטעלט דערביי איין איר לעבן. אָבער מען האָט זיך גלייכצייטיק אויך געזאָרגט: אפשר האָט עפּעס מיט אים פּאַסירט? מיטאַמאָל האָט גענעראַל איוואַנאָוו זיך געוואָנדן צו מיר:

— לייטענאַנט, גריגאָרי ווינאָקור, פּאָזשאַלוסטאַ, נעם מיין פערד און פּאָר אַוועק צום דאָרף. דו ווייסט דאָך וואו דעם פּאָלקאָווניקס ליבע־נעסט געפינט זיך... שלעפּ אַרויס דעם ,סוקין־סין׳ פון בעט און ברענג אים אַהער, גלייך צו מיר!

איך בין אַרויס צו דער שטאַל און גענומען דאָס פערד ביים צוימל. איך האָב געמיינט, אַז דאָ קראַפּיר איך. אין מיין לעבן בין איך קיינמאָל ניט געריטן אויף קיין פערד. אָבער מלחמה איז מלחמה; און אַ גענעראַלס באַפעל איז אַ באַפעל... דערביי האָב איך זיך געשעמט צו זאָגן, אַז כ׳האָב מורא און אַז איך קען ניט רייטן אויף אַ פערד. באַלד זיינען אַרויס פון שטאַב אַ צאָל אָפיצירן און זיך צוגעקוקט, וויאַזוי איך פיר אויס דעם גענעראַלס באַפעל. איך האָב רעכט

ניט געוואוסט וויאַזוי מען קלעטערט אַרויף אויפן פערד, אָבער איך בין אַרויף. דאָס פערד האָט געבריקעט מיט די פיס, זיך אַ שטעל געטאָן דיבאָם און באַלד אָנגעהויבן האַסטיק לויפן אין דער ריכטונג צום דאָרף. פאַרוואָס איך בין ניט אַראָפּגעפאַלן, ווייס איך ניט. עס איז, ווייזט אויס, געשען אַ נס.

דערווייל האָט זיך דאָס פערד צוביסלעך באַרואיקט און איינגעהאַלטן דעם געלויף. אויך איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן מער זיכער, זיצנדיק אויפן פערדס רוקן. פלוצלים דערזע איך ווי צו מיר אַנטקעגן פאָרט אָן פּאָלקאָווניק יעראָמיי באַלאַכאָוו, אויף זיין ווייס פערד מיט די רויטע פלעקן אויף דער פעל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיר און זיך צעלאַכט:

— כאַ־כאַ־כי!... וואוהין פאָרסטו, טאָוואַרישט לייטענאַנט?

— איך פאָר דיך ברענגען אין שטאַב, טאָוואַרישט פּאָלקאָווניק. — האָב איך געענפערט.

— איוואַנאָוו האָט דיך געשיקט?

— יאָ, ער האָט מיך געשיקט.

נו, האָט דער פּאָלקאָווניק ערנסט אַ זאָג געטאָן "פיר מיך, לייטענאַנט".

הכלל: פּאָלקאָווניק יעראָמיי באַלאַכאָוו איז געקומען אין צייט צו דער באַראַטונג. אין דער אמתן איז זי באַשטימט געווען אויף אַ שעה שפּעטער, נאָר געשיקט רופן דעם פּאָלקאָווניק האָט מען ספּעציעל פריער, כדי ער זאָל זיך ניט פאַרגעסן אין זיין ליבע־שפּיל. אין מלחמה־צייט, בפרט אויפן פראָנט, קומט פאַר אַזאַ פאַרשפּעטיקונג, צו אַ שטאַב־באַראָטונג, אַ האַרבע שטראָף. גענעראַל איוואַנאָוו איז געווען באַלאַכאָווס פּערזענלעכער פריינט און געוואָלט אויסמיידן צרות. דערפאַר האָט ער מיך געשיקט באַצייטנס.

אין אַ חודש אַרום האָט מען מיך ווידער גערופן צום גענעראַל איוואַנאָוו. איך בין אַריין אין זיין באַזונדערן צימער. דאָרט איז געווען דער פּאָלקאָווניק יעראָמיי באַלאַכאָוו און נאָך עטלעכע הויכע אָפיצירן. איוואַנאָוו איז צוגעקומען צו מיר, געדריקט מיין האַנט און האָט פייערלעך געמאָלדן: "אין נאָמען פון דער רעגירונג, פון דער פּאַרטיי און פון דער אַרמיי, באַלוין איך דיך לייטענאַנט גריגאָרי ווינאָקור, מיטן אָרדן פון רויטן שטערן פאַר דיינע פאַרדינסטן און העלדישקייטן".

איך בין געשטאַנען ווי אַ געפּלעפּטער: וואָס פאַר אַ פאַרדינסטן און וואָס פאַר אַ העלדישקייטן?, האָב איך געטראַכט. איך האָב רעכט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. דאָך האָב איך, ווי אַן אויפגעוועקטער פון שלאָף, אַ זאָג געטאָן: "איך בין בלויז אַ פּשוט־פּראָסטער מענטש, אַ צוריקגעהאַלטענער, און אויב איך האָב עפּעס געטאָן, האָב איך דאָך געטאָן אַלץ ווי יעדער איינער אויף מיין אָרט". אָבער גענעראַל איוואַינאָוו האָט געהאַלטן אַ רעדע און פאַרענדיקט:

— "די אויסצייכענונג איז פאַר דיין איבערשווימען, אין אַן אַלט צעבראָכן שיפעלע, דעם טייך דאָן, אין אַ געפערלעכער צייט און די דייטשן אונטער דער נאָז, ביים אויספילן אַ זייער וויכטיקע אויפגאַבע לויט מיין באַפעל". ער האָט אַ הוסט געטאָן און זיך וואַרים צעשמייכלט: "און דאָס איז אויך פאַר דיין רייטן אויף מיין פערד, דעם ווילדן זשערעבעץ. נו, האָסטו שוין איצט דריי אויסצייכענונגען. גאָר גיך וועסטו באַקומען נאָך אַ פערטן מעדאַל. דאָס וועט זיין ביים פאַרענדיקן די קריג; ווייל גאָר אין גיכן וועלן מיר האָבן פרידן. ווי איך גלויב וועסטו, גריגאָרי ווינאָקור, דערלעבן דעם פרידן. איך גלויב, אַז אַזעלכע ווי דו בלייבן לעבן!"

— אַ דאַנק, טאָוואַריטש גענעראַל!

— האָב איך געזאָגט, זיך אויסגעדרייט לויטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג פון מיליטערישן אוסטאַוו און אַרויסגעמאַרשירט.



אין אַ צייט אַרום האָט מען מיך דעמאָבליזירט פון דער רויטער אַרמיי. די מלחמה האָט זיך געענדיקט. אָבער איך האָב ניט געהאַט אַוואו אַהיים צוקומען... מיין גאַנצע פאַמיליע, מיין מאַמע מיט די קינדער פון איר צווייטן מאַן, האָבן דאָך לעבעדיק, קיעווער גובערניע. די היטלער דייטשן האָבן דאָך דאָרט אַלע אידן פאַרטריבן קיין קיעווער "באַבי יאַר" און זיי דאָרט אַלע אויסגעמאָרדעט און אין אַ גרוב אַריינגעוואָרפן... איז וואוהין זאָל איך געווען פאָרן?.. בין איך שוין פאַרבליבן אין מאָסקווע...

שפּעטער צו ווען מע האָט אָנגעהויבן געבן וויזעס קיין ישראל, כאָטש ווי איך געדענק זיך אַליין זייער גוט, האָב איך זיך קיין מאָל ניט אינטערעסירט מיט קיין ציוניזם און ניט מיט קיין היים־לאַנד ישראל... דאָך בין איך אַוועק אין "וויזע"־אוטשערזשדיעניע" און געפאָדערט אַ וויזע פאַר זיך, געבנדיק אַן אויסרייד, אַז איך וויל פאָרן אַ קוק טאָן אויף דער וועלט, אויף אַנדערע לענדער אין אַנדערע מענטשן.. נו, האָט מען מיר באַלד געענטפערט מיט אַ שטרענגן: ניעט!..אין סאָוועט־רוסלאַנד איז פאַראַן אַ באַרימט לידל וואָס זינגט זיך אזוי:

"עס איז אין דער גאַנצער וועלט ניטאָ אַזאַ לאַנד, ווי סאָוועט רוסלאַנד, וואו אַ מענטש קען לעבן און אָטעמען אַזוי פריי!". האָב איך אָנגעהויבן זינגען דאָס שקר'דיקע לידל. ווען דער הויפּט פון דעם "אוויר" (סאָוועטישע וויזע־קאַנצעלאַריע) האָט דאָס דערהערט האָט ער אָנגעהויבן שרייען: "דער מענטש איז משוגע!"

דאָ האָב איך זיך שוין דערשראָקן. וויבאַלד איך בין "משוגע" וועט מען מיך טאָקע פאַרשלעפּן אין משוגעים־הויז. מען האָט דאָך שוין אַזוינס געטאָן צו אַנדערע מענטשן! האָב איך באַלד געמאַכט ויברח און אַוועק צו מיינע אַלטע גוטע פריינט, פון די מלחמה־יאָרן — צום גענעראַל איוואַנאָוו און צו דעם פּאָלקאָווניק וועלכער איז שוין ביים סוף פון קריג אויך געוועזן אַ גענעראַל באַלאַכאָוו.ביידע זיינען שוין איצט אויף פּענסיע; אָבער נאָך אַלץ מענטשן מיט גרויס רעספּעקט און השפעה אין די סאָוועטישע, די פּאַרטייאישע און רעגירונגס־אינסטיטוציעס. ביידע האָבן איצט דאַטשעס נישט־ווייט פון מאָסקווע. טאַקע ניט ווייט איינס פון אַנדערן. כ'האָב זיי דערציילט וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט. גענעראַל איוואַנאָוו איז פון אָנהויב געווען שטרענג:

— טשודאַק טשעלאָוועק, דו נאַאיווער מענטש! מען וועט איצט דיך שוין האַלטן אויפן אויג. קען זיין, אַז מען וועט דיך טאַקע אַוועקשיקן אין אַ משוגעים־הויז. וואָס פאַראַ שכלדיקער מענטש נעמט און צעזינגט זיך, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד לעבן מענטשן פרייער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער? נאָר באַלד האָט ער זיך, ווי זיין שטייגער, גוט־מוטיק צעלאַכט און געזאָגט: "נו, פאַרפאַלן... דערווייל וועסטו שוין מוזן בלייבן אַ חודש אָדער צוויי אין מיין דאַטשע. קיינער וועט דיך אַהערצו ניט קומען זוכן; און פאַר דער צייט וועל איך, און אויך יעראָמיי, זען וואָס מיר קענען טון פאַר דיר... דאָס בעסטע וועט זיין, אויב מיר וועלן קענען קריגן פאַר דיר אַ וויזע. אויב ניט, וועט מען דאָ שוין סייווי האָבן אַ שלעכט אויג פאַר דיר".

און נאָך אַ חודש צייט פון אויסבאַהאַלטן זיך אויף די דאַטשעס פון די גענעראַל איוואַנאָוו און באַלאַכאָוו, האָב איך באַקומען אַ וויזע אויף אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד קיין ישראל.

— "יאָ," — האָב איך געזאָגט צו מיין קרוב, אַ תושב פון ירושלים, אין וועמענס הויז איך האָב זיך באַזעצט. "יאָ, עס זיינען נאָך אַלץ דאָ צווישן דעם גרויסן רוסישן פאָלק גרויסע און גוטע מענטשן, אַזעלכע ווי טאָלסטאָי, מאַקסים גאָרקי, טשעכאָוו און קאָראָלענקאָ. ווי לאַנג די איוואַנאָווס און די באַלאַכאָווס האַלטן אָן די גוטע טראַדיציע וועגן אַלעמענס מענטשן־רעכט, דאַרפן מיר האָפן. עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען ביי דער אָנפירונג פון רוסלאַנד וועלן נאָך שטיין מענטשן פון חכמה, גוט־האַרציקייט און יושר..."

"אמן!" האָט אַלעקסאַנדער יערוסאַלימאָוו געענטפערט אויף מיין וואונטש.

# דער פידלער

דאָס איז שוין געווען דער עלפטער טאָג. דער עלפטער טאָג, וואָס אַ הייפעלע יידן: אַלט לייט, קינדער, פרויען און עטלעכע יונגע מענטשן זענען פון די דייטשע רשעים אַנטלאָפן, האָבן זיך אין אַ מיטן דערנאַכט פון דעם שטעטל סמאָליוויטשי אַרויסגערוקט.

עס זענען געגאַנגען דייטשישע טאַנקן. פון די טאַנקן האָט מען באַמערקט די אידן און מ׳האָט זיי באַשאָסן. איין רעטונג איז נאָר געווען — די זומפּן און בלאָטעס פון דער פּאָליעסיע... ווי באַלד עס האָט זיך נאָר אַ דייטשישער טאַנק באַוויזן אַזוי זענען די אידן אַריין אין די בלאָטעס און זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער ברייט און לענג. איבער דעם טראַפּיק־זומפּיקן וואַלד־באָדן האָט דער טאַנק נישט געקענט גיין. אָבער די קוילן פון טאַנק האָבן אַהער דערגרייכט. און נישט איינער פון די פּליטים, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער דער בלאָטע, איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען...

זייער אָפּט האָבן זיך אין דעם העל־לויטערן זומערדיקן הימל באַוויזן שטאָלענע רויב־פויגל און האָבן באַוואָרפן דאָס בינטל יידן־פּליטים מיט באָמבעס און זיי באַשאָסן מיט אַ האָגל פייערדיקן שרויט.

מ׳איז ווידער אין וואַלד געווען. מ׳האָט איבערגענעכטיקט, און אַז מ׳איז פון וואַלד אַרויס, האָט זיך צעשפּרייט אַ רחבותדיק פעלד מיט הויכע הוידענדיקע כוואַליעס גאָלדענע זאַנגען. דאָס פעלד איז געווען אומענדלעך. דער טאָג — אַ רויטער קאַלך־אויוון. דאָס הייפעלע יידן האָבן געבלאָנדזשעט דאָרשטיקע, פאַרשמאַכטע צווישן די זאַנגען־כוואַליעס און האָבן געשפּירט אַז אָט־אָט גייען זיי פאַרלוירן...

פלוצלינג האָט זיך אין מיטן פעלד באַוויזן אַ ברייטער וועג און די יידן זענען אַרויס אויפן וועג נישט וויסנדיק וואוהין זיך צו ריכטן: אויף לינקס צי אויף רעכטס?... זיי האָבן געבלאָנקעט ווי איבערגעשראָקענע פאַרבלאָנדזשעטע שאָף, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער סטאַדע, כאָטש אַ ציל האָבן זיי געהאַט. זיך דורכרייסן דורכן פראָנט, אַריבער צו די סאָוויעטן, זיך דערשלאָגן צו די פאַרטיזאַנער, אָנטרעפן צו אַ רויטאַרמייאישן טייל.

מ׳האָט נישט געוואוסט אויף וועמעס ערד־חלק מ׳געפינט זיך איצט: אויפן רוסישן, צי אויפן פאַרכאַפּטן, אויפן דייטשישן?... און ראַפּטאָם האָט זיך באַוויזן אַ רויבער אין הימל, אַ ״מעסער־שמידט״ און האָט די פּליטים באַשאָסן. אַלע זענען צוריק אַריין אין די זאַנגען און זיך צעשפּרייט איבער דער האַרט־



פאַרטריקנטער ערד. און נישט מ׳האָט זיך אַזוי צעשפּרייט, ווי מ׳האָט זיך פלינק אַ וואַלגער געטאָן אויף דער ערד, כדי דער דייטשישער עראָפּלאַן זאָל די יידן נישט באַמערקן. און נאָר איינער פון דעם הייפעלע יידן האָט זיך נישט געאײַלט, דאָס איז סענדער. ער האָט פריער לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט זיין פידל אויף דער ערד און ערשט דערנאָך האָט ער זיך אַליין אויסגעצויגן.

פאַר די עלף טעג, וואָס מ׳איז צוזאַמען געלאָפן האָט מען זיך שוין דערוואוסט, ווער דער מענטש מיטן פידל איז. מ׳האָט פאַר אים גרויס אָפּשיי געהאַט און מ׳האָט אים געוואָרנט און ביי אים זיך געבעטן:

— חבר סענדער!...

— אלכסנדר באָריסאָוויטש!

—וואָס ציטערט איר אַזוי פאַר אייער פידל איצט? אויב מ׳וועט אייך הרגענען, וועט ער בלייבן נישט מער ווי אַ שבר׳ע כלי, ווייל קיינער פון אונדז קען נישט שפּילן, קיינער וועט אייך נישט ירשענען. איר זעט נאָר, היט אָפּ דאָס אייגענע לעבן און נישט די פידל!...

און סענדער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די פייערלעך פון זיינע קאַרע אויגן, באַטראַכט די מענטשן און אַזוי מיד און פאַרחלומט מיט זיי גערעדט:

— אוי, ווען איר ווייסט, וואָס אין דער פידל שטעקט... אַ הייליקע נשמה שטעקט אין איר! זי זינגט, די נשמה, זי וויינט, זי טרייסט און זי מונטערט!... יעדע סטרונע, יעדער קלאַנג רעדט מיט דער נשמה פון דער פידל, צו די מענטשן און זאָגט אים: איז דיר גוט, — פאַרגעס נישט, אַז עס קען אויך שלעכט זיין! איז דיר שלעכט, — פאַרגעס נישט, אַז עס קען אויך גוט זיין!... האָף און טו, און פאַרליר נישט דיין בטחון! איי, חברים, חברים, וואָס ווייסט איר דען, וואָס די פידל רעדט און וואָס די פידל דערציילט...

די פידל איז געלעגן אין אַ שוואַרצן, סאַמעטענעם זעקעלע, און ווען איינער פון די יידן־פּליטים איז געפאַלן אַ טויטער פון לאַנג גייען הונגעריק און דאָרשטיק, אָדער פון אַ דייטשישע קויל, וואָס האָט אים געטראָפן, האָט סענדער געקוקט אויף דעם שוואַרצן סאַמעטענעם זעקעלע און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: "אַרויסנעמען די פידל, אָדער נישט?" אים האָט זיך זייער געוואָלט אָפּשפּילן עפּעס אַ מין טרויער ניגון דעם פריש געפאַלענעם יידיש קרבן.

ער האָט איצט אַזוי פיל טענות געהאַט, סענדער, צו דער וועלט און האָט די טענות נישט געהאַט וועמען מיט זיין מויל אַרויסצוברענגען. און אפשר, ווען ער נעמט זיין פידל און גיט אַ שפּיל אויף איר, וואָלט זיך אפשר די פידל פאַר אים אויסגעטענהט מיט דער וועלט און ער וואָלט דערציילט וועגן זיין בּאַגער, וועגן זיינע ספקות.

די יידן זענען אַנטלאָפן פון דעם שטעטל סמאָליוויטשי, ווי נאָר דער דייטש איז אַריין און האָט אין מיטן מאַרק־פּלאַץ אַוועקגעשטעלט זיין ערשטע תליה מיט אַן אויפגע האָנגענעם ייד.

ס'איז נישט געווען מער קיין כוח צו גיין. מ'האָט זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן פעלד, צווישן די הויכע, גאָלדענע תבואה־זאַנגען. עמיצער האָט זיך אָנגעשפּאַרט און אָנגעהויבן דרימלען; עמיצער האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן; עמיצער האָט איבערגעקערט זיין טאָרבעלע, געמיינט אפשר האָט זיך נאָך פאַרוואַלגערט אַ שטיקל ברויט, אַ סקאָרינקע, און האָט גאָרנישט געפונען.

אַברהם דער שומר, אַן אַלטער ייד מיט אַ שניי־ווייסער באָרד. ער האָט נישט געוואָלט אָנקומען צו די קינדער, איז ער געוואָרן אַ שומר אין אַ שטאַל. ער, אברהם, האָט אַ קוק געטאָן אויף די צייטיק־געוואָרענע זאַנגען, אַראָפּגעריסן עטלעכע קערנדלעך און זיי צעריבן אויף דער דלאָניע. ער האָט מיט אַ זיפץ געזאָגט:

—מען וואָלט שוין איצט די גערעטעניש אַראָפּגענומען!

דער איד מיט דער רויטער באָרד, האָט געהייסן מענדל. ער איז געווען אַ שניידער. זיינס אַ שטיקל אַרבעט וואָלט מען געקענט שיקן אויף אַן אויסשטעלונג. איצט איז מענדל געזעסן אַ דערשלאָגענער. אין וועג האָט ער שוין פאַרלוירן זיין ווייב און אַ קינד. ער אַליין האָט זיך נאָך קוים געהאַלטן אויף די פיס. און דאָ זיצנדיק אין פעלד, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין שטעטל און ער האָט זיך געווענדעט צו יעקב'ן, דעם פאַרוואַלטער פון דעם סמאָליוויטשער זייגערמאַכער־אַרטעל:

— יעקב, וואָס זאָגט איר? וואָס עס איז פון אונדז געוואָרן?... איר געדענקט מיין וואַרשטאַט? גאַנץ סמאָליוויטשי האָב איך דאָך באַנייט און באַקליידט!...

יעקב, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, מיט גרויסע גוטע און קלוגע אויגן איז דאָ געזעסן איצט אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן טוץ קינדער, יינגלעך און מיידלעך. ער האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָ צו רעדן?... מיר זענען גוט אויסגעשטעלט!

אין די רייד האָט זיך אַריינגעמישט משה דער קאָוואַל, אַ הויכער ייד מיט אַ שיין קיילעכדיק פּנים און מיט שיינע בלאָנדע וואָנצעס. ווען ער זאָל נישט געוועןן רעדן אידיש, וואָלט שווער געווען צו זאָגן, צי ער איז אַ ייד.

— דריי און צוואָנציק יאָר האָבן מיר אונטער די סאָוויעטן געלעבט. מיר האָבן געמיינט, אַז יידן זענען שוין גלייך מיט אַלע פעלקער. מיר האָבן דאָך טאָג ווי נאַכט געהערט איינס און דאָס זעלבע: "דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" — פעלקער פריינטשאַפט! אַלע פעלקער אין רוסלאַנד לעבן צווישן זיך פריינטלעך. יידן האָבן שוין גלייך מיט די איבעריקע פעלקער פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד באַאַרבעט די ערד, געפלאַנצט גערטנער, געקלאַפּט אין די שמידארניעס מיט די שווערע האַמערס, גענייט שיך און קליידער און אייניקע האָבן אויך געהאַנדלט אין די מלוכה־געשעפטן... און ווי קומט דאָס, וואָס נאָך אין דעם ערשטן טאָג, ווען די דייטשן זענען דאָס לאַנד באַפאַלן, האָבן די גויים, די פריינט אונדזערע, וועמען מ׳האָט דריי און צוואָנציק יאָר געלערנט, אַז עס עקזיסטירט פעלקער־פריינטשאַפט און אַנטי־סעמיטיזם איז פאַרבאָטן, — ווי קומט עס, אַז די גויים, די שכנים אונדזערע האָבן באַלד אָנגעהויבן העלפן דעם דייטש אויסראָטן די יידן?...

אַלע האָבן זיך שווער פאַרטראַכט. סענדער איז געזעסן צווישן די מענטשן, זיך צוגעהערט צו זייערע רייד און ער האָט דערזעען זייער דערשלאָגנקייט. האָט ער באַשטימט כאָטש מיט אַ גוט וואָרט זיי גרינגער מאַכן דיליידן, זיי טרייסטן...

— דעם האַס צו די יידן קען מען נישט אַרויסשלאָגן אין לויף פון דריי און צוואָנציק יאָר. ביי די גויים איז דאָס אַ דור־דורותדיקער האַס צו אונדז... מיר דאַרפן אָבער נישט זיין געפאַלן ביי זיך! מ׳דאַרף האָפן אויף בעסערע צייטן!...

סענדערס אָנצוג איז איצט געווען שמוציק און פאַרשטויבט. די שיך צעריסן, דאָס געזיכט פאַרוואַקסן. ער האָט געפילט, אַז ער ווערט אויס מענטש, נאָר ער האָט זיך געשטאַרקט. ער האָט פאַרגעזעצט שטאַרקן די אָפּגעשוואַכטע מענטשן:

— לאָמיר זיך נאָר דערשלאָגן צו אונדזערע... מיט דער ביקס אין האַנט וועלן מיר פאַר אונדזערע לעבנס קעמפן!...

און ער האָט זיך פאַרטראַכט, סענדער, און דערנאָך שטיל געזאָגט:

— ווער ווייסט, צי איך וועל נאָך אַמאָל מיין פרוי און קינד זען?...

דער אַלטער ייד מיט דער שניי־ווייסער באָרד האָט אַ זיפץ געטאָן.

— היטלער איז נישט דער ערשטער וואָס וויל אויסראָטן די יידן... געווען אַ טיטוס, געווען אַ המן! אַלע די וואָס האָבן זיך מיט יידן פאַרטשעפּעט האָבן שלעכט געענדיקט!

— יאָ, יאָ — האָט סענדער אים אונטערגעהאַלטן — אַ פאַלשע שפּיל ענדיקט זיך שלעכט!...

ווען מ׳האָט זיך אַביסל אָפּגערוט, האָט מען זיך אויפגעהויבן און מ׳איז געגאַנגען ווייטער. די פיס זענען שוין ביי אַלעמען געווען געשוואָלן און מ׳האָט זיך קוים אויף זיי געשלעפּט... עס זענען שוין געפאַלן צוועלף מענטשן פון די יידן־פּליטים. מ׳האָט זיי שטיל באַגראָבן און מ׳איז געגאַנגען ווייטער... סענדער האָט זיך מיט טרויעריקע אויגן אומגעקוקט אויף די פרישע און אויף גיך פאַרשאָטענע קברים און האָט פעסט־פעסט געדריקט זיין פידל צום האַרצן און איז געלאָפן פאָראויס. אים האָט אַלעמאָל געדוכט, אַז די פידל איז שוין צעבראָכן. שוין אַזאַ צייט, אַז ער שלעפּט זיך מיט איר אַרום, געיאָגט און געפּלאָגט, איבער וועלדער און פעלדער, אונטער דער ברענענדיקער זון, אין דעם שטויב פון די וועגן, אונטער גוס־רעגנס און ער איז נאָך אַלץ צו קיין ציל נישט געקומען... ווער ווייסט, אפשר איז שוין די פידל צעבראָכן?... מ׳דאַרף אַ קוק טאָן, צו אפשר אַ שפּיל טאָן?... און ער האָט צו זיך אַליין רעדן אָנגעהויבן:

— אַ זאַך דאַרף מען ליב האָבן. אָן ליבע איז קיין לעבן נישטאָ. איצט איז מיר אין מיין לעבן נאָר די פידל געבליבן!...

עס איז געפאַלן דער אַלטער אברהם. אים האָט מען שוין נישט באַגראָבן. נישט געווען קיין כוח. מ׳האָט דעם אברהם, דעם שומר, איבערגעלאָזט אין פעלד היטן די וואָס וועלן נאָך ווייטער פאַלן... ער האָט געקוקט, דער אַלטער זקן, אויף סענדערן מיט אַזאַ געבעט, מיט אַ געבעט פון אַן אַלטן טאַטן, וואָס בעט דעם זון ער זאָל מיט אים פאַרן טויט ווידוי זאָגן... סענדער האָט דאָס פאַרשטאַנען. ער האָט מיט ציטעריקע פינגער צעבונדן דאָס שוואַרצע, סאַמעטענע זעקעלע און געוואָלט אַרויסנעמען די פידל, און טאָן אַ טובה אַ יידן, פאַרן טויט, אים אָפּשפּילן אויפן פידל אַ ווידוי־ליד... זענען אָבער אַלע אַוועק פאַראויס און דער אַלטער אברהם איז שוין געלעגן אַ קאַלטער בר־מנן... סענדער האָט צוריק אַריינגעלייגט די פידל און האָט דעריאָגט די לויפנדע יידן.

נאָך אברהמ׳ן איז אויך געפאַלן מענדל און דערנאָך יעקב. דאָס איז שוין געווען דער טאָג, דער דרייצנטער נאָך דעם, וואָס די יידן האָבן סמאָליוויטשי פאַרלאָזט און זענען פון דעם דייטש אַנטלאָפן...

און משה דער קאָוואַל, וואָס האָט איצט שוין נישט אויסגעזען אַזוי בראַוו ווי ביי זיך אין שטעטל, און וואָס אַנשטאָט אַ פּאָר בלאָנדע, שיינע וואָנצעס האָט ער איצט געהאַט אַ בלאָנד־קויטיקלעכע באָרד און האָט אויסגעזען ווי אַ ייד, אַ פאַרמאַטערטער, אַ דערשלאָגענער, אַ הונגעריקער, וואָס־אָט־אָט פאַלט

ער פון די פּיס... משה דער קאָוואַל האָט צו סענדערן געזאָגט:

— איר זייט דאָך אַ געבילדעטער מענטש. זאָגט מיר, פאַרוואָס שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מ׳שלאָגט אונדז, מ׳האַסט אונדז און מ׳טרייבט אונדז!... זענען מיר דען נישט פּונקט אַזוינע מענטשן ווי אַלע?...

— פאַרוואָס, פאַרוואָס?... האָט סענדער איבערגעפרעגט — ס׳איז דאָ פאַרוואָס!... — די פייערלעך פון זיינע קאַרע אויגן זענען איצט בייזער געוואָרן. — אין יעדן פאַל, ביי יעדער צרה, שטילט מען דאָס אָפּגענאַרטע פאָלק, דעם אַנטוישטן המון מיט אַ ווייז אין אַ פרעמדער ריכטונג, אויף אַ פרעמד פאָלק: "אָט דאָס איז דיין שולדיקער!"... און אונדזער גורל איז שוין אַזאַ, אַז ווען מ׳דאַרף אונדז נישט, ווערן מיר די פרעמדע, די שולדיקע, דאָס כפּרה הינדל...

— גענוג! — האָט משה אויסגעשריגן מיט אַ וויי־געשריי. און מער האָט ער שוין גאָרנישט געזאָגט. ווי אַן אָפּגעהאַקטער בוים איז משה דער קאָוואַל פּלוצלינג געפאַלן און געבליבן ליגן אַ טויטער אויפן גלייכן וועג...

עס איז שוין געבליבן גאָר אַ קליין הייפל מענטשן. געציילטע עטלעכע יידן־פּליטים זענען נאָך מיט די לעצטע כחות געגאַנגען פאָראויס...

עס איז געוואָרן פאַרנאַכטלעך.

די גרויסע זון האָט אַ לעצטן קוק געטאָן אויף די בלאָנדזשנדע עטלעכע יידן און איז אַוועק פון דעם הימל, איבערלאָזנדיק אַ רויט־פייערדיקע שקיעה אויפן מערב־עק. עס האָט זיך געטראָגן אין דער הויך אַ זשומען פון אַ לופט־מאַשין...

— אַ וועלכע איז דאָס? — האָט סענדער אַ טראַכט געטאָן. — אַ ווייסע טויב מיט אַ רויטן שטערן אויף די פליגל, צי אַ ברוינער פויגל מיט אַ שוואַרצן צלם אויפן עק?...

און אָט האָט דער עראָפּלאַן אַ שנייד געטאָן איבער די מענטשנס קעפּ, צעשאָסן יעדן איינעם מיט שטיקער הייסן בליי־ענעם טויט... זיך אַ דריי געטאָן איבער די טויטע, אומשולדיקע, פאַרשניטענע קערפּערס און איז אַוועק.

געבליבן איז סענדער איינער אַליין.

אַרום אים זענען געלעגן עטלעכע און צוואָנציק טויטע יידן: ווייבער, קינדער, יונגעלייט...

האָט סענדער אַרויסגענומען זיין פידל פון דעם סאַמעטענעם שוואַרצן זעקעלע, איר אַ קוש געטאָן און האָט זיך צעוויינט... אַליין, איינער אַליין אין פעלד צווישן טויטע קערפּערס... פאַרוואָס זענען די הייסע טויט־קוילן פאַרביי אים געגאַנגען? וואָס פאַר אַ נסים שטייען אים נאָך פאָר? מיט וואָס וועט ער נאָך געפּרואווט ווערן? און ער האָט די פידל צו דער ברוסט צוגעלייגט און מיטן סמיטשיק איבער דער ערשטער סטרונע אַ פיר געטאָן, אַ נעם געטאָן די העכסטע אָקטאַווע, און די פידל האָט אים אָנגעהויבן נאָכוויינען...

— טרילי... לי... לי... וואוהין זאָל איך גיין און וואָס זאָל איך טאָן?!...

— טרילי.. לי... לי... "עד מתי", ביז וואַנען?!...

אַ ווייסע לבנה, אַ זילבערנע, האָט באַשיינט דעם איינזאַמען פידלער, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן קרייז פון עטלעכע און צוואָנציק טויטע יידן... ער האָט געשפילט, און זיך פאַרגעסן, נישט געמערקט, אַז אַרום אים און די טויטע שטייען איצט יידישע און נישט־יידישע רויטאַרמייער, מיט געבויגענע קעפּ און האַלטן אין זייערע פעסטע הענט ביקסן מיט שאַרפע שפּיזן אויף זיי... די רויטאַרמייער נעמען אויף יעדן קלאַנג פון זיין פידל, ווי אַ רוף פון אַ מענטשלעכער נשמה, ווי אַ שבועה צו קעמפן און נקמה נעמען פון דער דייטשישער בעסטיע פאַר די אומשולדיקע דערמאָרדעטע יידן, וואָס ליגן דאָ אין פעלד...



# טויבן

אָדעס איז אַמאָל געווען אַ יידישע שטאָט. אין אָדעס האָט געלעבט מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, חיים נחמן ביאַליק, אחד־העם, זאב זשאַבאָטינסקי און בכלל יידן... צווישן די "בכלל יידן", האָבן איך, אַ נײַן־יאָריק יינגל, זיך אויך געפונען מיין "פּלאַץ"... און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז נישטאָ קיין איין ייד אויף דער וועלט, וואָס זאָל נישט וויסן דאָס ווערטל: "מ'לעבט ווי גאָט אין אָדעס". יאָ, איך האָב טאַקע געלעבט ווי גאָט אין אָדעס... ווייל, וואָס איך האָב געהאַט האָב איך נישט באַדאַרפט און וואָס איך האָב באַדאַרפט האָבן איך נישט געהאַט... און געהאַט האָב איך אַ שטיף־טאַטן, אַ פריילעכן קירזשנער, אַ שלימזל, אַ גרויסער קבצן און נאָך אַ גרעסערער ווערטל־זאָגער... און באַדאַרפט האָב איך גאָר אַן אייגענעם טאַטן, אַן ערנסטן מענטש, אַ בר־מזל, אַ גרויסן גביר און נאָך אַ גרעסערן שווייגער...

מיין שוואַכקייט איז געווען: אַ גרויסע ליבע צו טויבן. אַלע קינדער ביי אונדז אין הויף, דאָרט אויף דער מאָלדאַוואַנקע, וואו מיר האָבן געוואוינט, האָבן געהאַט אייגענע טויבן, — נאָר איך נישט...

טויבן האָט מען געקענט באַקומען אויף דריי אופנים: קויפן אויפן פויגל־מאַרק פאַר אַ פיטאַקל אַ טויב; מיט אייגענע טויבן פאַרנאַרן צו זיך אין טויבן־שלאַק פרעמדע טויבן; זיך אַריינגנבענען אין עמעצנס אַ טויבן־שלאַק אין מיטן דער נאַכט און צולקחענען אַ פּאָר טויבן...

פאַר מיר איז קיין איינער פון די דריי אופנים נישט געווען פּאַסיק, ווייל: קויפן זיך טויבן האָב איך נישט געקענט; פאַרנאַרן צו זיך פרעמדע טויבן, האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס; און גנבענען איז נישט אין מיין טבע...

אָבער אַ פאַרגעניגן פון די טויבן האָבן איך דאָך געהאַט. מיינע חברים פלעגן מיר זייער אָפט געבן האַלטן אַ טויב אין די הענט, און נישט נאָר האַלטן די טויב, נאָר אַפילו זי אונטערוואַרפן אין דער לופט און קוקן, ווי זי פליט אין די גרויע הימלען...

דאָס גרעסטע פאַרגעניגן איז געווען צו זען, ווי אַ גאַנצע סטייע טויבן פון אונדזער הויף הויבן זיך אויף אין דער לופט אין אַ שטרענגער אָרדענונג אין רייען נאָך רייען, מיט אינטערוואַלן, און בילדן אויס אין זייער פלי־מאַרש אַ קאָלאָנע אין אַ פאָרם פון אַ דריי־עק...

און באַלד באַווייזט זיך אין הימל אַ צווייטע סטייע טויבן. דאָס האָט אַ שכנותדיקער הויף אַרויסגעלאָזט זיינע טויבן.ביידע סטייעס דרייען זיך לאַנג



אין זייערע אויסגעבילדעטע קאָלאָנע־פאָרמעס. דרייט זיך איין טויבן־סטייע אַרום דער אַנדערער און מיר יינגלעך קוקן מיט פאַרריסענע קעפּ, מיט פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט אַנטציקטע בליקן... נאָר אָט האָט זיך איין טויב אַרויסגעריסן פון איין סטייע און איז אַריין אין דער צווייטער. די אויסגעבילדעטע קאָלאָנען־פאָרמע פון דער צווייטער טויבן־סטייע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן... די טויבן פליען האַסטיקער, שנעלער און גיבן זיך פלוצים אַ צעשאָט און אַ מיש־אויס. ס׳איז אַן אומאָרדענונג. מ׳ווייסט שוין נישט וועלכע טויבן זיינען פון אונדזער הויף און וועלכע פון שכנותדיקן... מיר, יינגעלך, הויבן אָן פייפן און שרייען, מיר וואַרפן שטיינער אין הימל אַריין און מאַכן אָן אַזוינע געוואַלדן, אַז אַלע איינוואוינער פון הויף לויפן אַרויס פון זייערע שטיבער, יידן מיט בערד פאַררייסן די קעפּ צום הימל און העלפן אונדז, יינגלעך, פייפן, טרייבן און רופן די טויבן... און באַלד צעטיילן זיך ווידער די טויבן אין צוויי סטייעס. די אויסגעבילדעטע קאָלאָנעס באַקומען אָבער איצט אַן אַנדער אויסזען. פאָראויס די דריי־עקן פליען צוויי טויבן, — דאָס זיינען די טויבן־פירער. יעדע סטייע האָט זיך זיין פירער... מ׳דרייט זיך נאָך לאַנג אַזוי שיין אין דער לופט אַרום און אַרום, איין סטייע נאָך דער אַנדערער, און סוף־כל־סוף פאַרענדיקט זיך דער פלי־מאַרש... עס לאָזן זיך אַראָפּ די טויבן צו זייערע טויבן־שלאַקן...

יעדער יינגל, וואָס איז אַ באַזיצער פון אַ טויבן־שלאַק, לויפט באַלד ציילן זיינע טויבן: צי זיינען אַלע בשלום צוריקגעקומען?... אפשר האָט מען פאַרנאַרט זיינס אַ טויב?... אפשר האָבן גאָר זיינע טויבן ״געפאַנגען״ צו זיך אַנדערע?...

איך לעב איבער מיט אַלע יינגלעך צוזאַמען זייער פרייד און זייערע ליידן...

און וויפל מאָל האָבן זיך די יינגלעך געשלאָגן צוליב זייערע טויבן?... אָבער די גרעסטע געשלעגן איבער פאַרכאַפּטע און געגנבעטע טויבן פלעגן פאָרקומען צווישן די יידישע יינגלעך פון דער מאָלדאַוואַנקע און די ״שקצים״ פון דער דאָלניצקי. די געשלעגן זיינען אָפט בלוטיקע געווען און נישט איין

יידיש קינד פלעגט אַהיים קומען מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ... איך פלעג אויך אַן אָנטייל נעמען אין די געשלעגן, כאָטש איך האָב קיין אייגענע טויבן נישט געהאַט. און נישט איינמאָל פלעג איך אַהיים קומען פון אַזאַ געשלעג מיט אַ צעריסן העמד אויפן לייב און מיט אַ צעבלוטיקט פּנים. די מאַמע האָט אויף מיר געשריען און דער שטיף־טאַטע האָט געלאַכט און זיך געוווערטלט:

— וואַקסט, ישראליקל, אַ פּאָנקע. טאַקע נאָר אַ ניקאָלייסקער סאָלדאַט פּאַסט דיר צו זיין!...

טויבן־אייגנטימער, טויבן־האַנדל, טויבן־שלאַקן, טויבן־ליבע און טויבן־מאַניע האָב איך געזען אין אַלע רוסישע שטעט, וואו אין מיינע קידער־יאָרן איז מיר אויסגעקומען פאַרוואָגלט צו זיין.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דעם בירגער־קריג און הונגער־יאָרן, האָבן "שקצים" אָפּגעדרייט די קעפּלעך פון די טויבן, זיי אָפּגעקאָכט און געגעסן.

*

און איצט אין מינכען, האָב איך ווידער דערזען טויבן.

און וואָס פאַר אַ מילדע און שיינע טויבן זיינען דאָס!...

די בייערישע טויבן זיינען אַזוינע צוגעלאָזענע, היימישע, אומאָפּהענגיקע אומבאַרירלעכע און אינגאַנצן פרייע. אין בייערן זיינען טויבן פרייע פייגל. קיינער קויפט זיי נישט און קיינער פאַרקויפט זיי נישט. אין בייערן האַנדלט מען נישט מיט קיין טויבן... שפּאַצירן טאַקע די פרייע טויבן, גאַנצע סטייעסווייז איבער קאַרלס־פּלאַץ, לודוויגס־שטראַסע און איבער נאָך פיל פּלעצער, גערטנער און גאַסן... "גוטע" דייטשן גייען דורך און וואַרפן זיי קערנדלעך... די טויבן זיינען שוין צוגעוואוינט צו די "באַרמהערציקע" מענטשן, צו די שטראַסע־באַנען און צו דעם גאַנצן גרויס־שטאָטישן גערודער... די טויבן צעפליען זיך נישט, ווען אַ מענטש שטעלט זיך אָפּ לעבן זיי און שטרעקט זיי אויס אַ האַנט. זיי ווייסן שוין, אַז דאָס גיט מען זיי עסן.

און איך זע, ווי "הונגעריקע" דייטשן און דייטשקעס, אויסגעפּוצטע אין זייערע טראַדיציאָנעלע בייעריש גרויע קליידער, מיט גרין־רויטער באַצירונג פון ביימעלעך, בלעטעלעך און חיהלעך, באַהאַנגען פון קאָפּ ביז די פיס מיט געל־בלויע שטרויס־פעדערן, מיט מעש־בלעכענעם שמוק און מיט ביינערנע הערנדלעך...

— אַזאַ גוט פאָלק, אַזאַ מילד פאָלק, ווי די בייערן האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען, כאָטש איך בין שוין אויסגעוווען אַ וועלט און געלעבט צווישן פאַרשיידענע מענטשן און פאַרשיידענע פעלקער...

מיר האָט אַ וואָרף געטאָן אין אַנגסטן פון קוקן אויף די טויבן און קוקן אויף די "באַרמהערציקע" דייטשן. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם נביאס ווערטער:

״זובחי אדם, עגלים ישקון״ — ״זיי שעכטן מענטשן, און קושן קעלבער״. אין בין אַוועק פון דעם פּלאַץ און זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ פּול־געפּאַקטער שטראָסן־באַן. איך בין אַנטלאָפן פון דער וואָר, פון די טויבן, וואָס האָבן מיר דערמאָנט אין מיינע קינדער־יאָרן, אין מיין פאַרברענט שטעטל און אין מיינע געשאָכטענע טאַטע־מאַמע. און דאָ אין דער שטראָסן־באַן איבער אַ פענצטער איז געהאַנגען אַ ברוינער אַפיש מיט שוואַרצע שרייענדיקע ווערטער:

״בייערן! ווערט פריינט פון דער געזעלשאַפט ״צער־בעלי־חיים״, קעמפט קעגן די פאַרניכטער פון חיות און פייגל!..״

עס האָט מיר אָנגעהויבן צו שטיקן די טרערן אין האַלדז. איך האָב פאַר זיך דערזען מיין פאַרשניטן פאָלק, און דער פאַרשטיקטער צאָרן האָט אין מיר אויפגעוואַכט, און אויפגעברויזט.

— הערט, איר טויבן־פריינט! דאָס האָט איר דאָך אַ וועלט מיט מענטשן פאַרפייניקט! און איר רעדט וועגן פריינטשאַפט צו חיות, פייגל?!...

# אין די בערג פון פּאַמיר

**(אויסצוג פון אַ ראָמאַן)**




דער טייך פּאַנדזש אַריינגעשניטן אין די הימאַלאַיער בערג, ווי אַ שלאַנג איינגעשריפּט אין דער געגנט פון קיזיל־ראַבאַט און ווייטער פויזנדיק שלייכט ער אַראָפּ צו די טאָלן ביז צו דעם טייך אַמו־דאַריאַ. די גיגאַנטישע ווילד־שפּיציקע, בלוי־ווייסע בערג זענען באַדעקט מיט שניי־היטלען און דערגרייכן ביז צו די הימלען. דאָרט איז אייביקער ווינטער. אונטן טיף אַראָפּ־צו פון די בערג ליגן די בליענדיקע טאָלן מיט פרישע פעלדער און פּולקאָליריקע בונטע גערטנער ביי די גרוי־שטיינערנע הייזער פון ברייט־צעשפּרייטע דערפלעך. דאָ איז אייביקער זומער. דער טייך פּאַנדש שטראָמט דורך די בערג און טאָלן און צעשפּאָלט דעם אַרום אויף צווייען; צוויי באַזונדערע וועלטן: פון איין זייט איז דאָס לאַנד פּאַמיר, וואָס מע רופט "דער דאַך פון דער וועלט". און פון דער צווייטער זייט ליגן כינע, אינדיע און אַפגאַניסטאַן.

ווייט און ברייט, הויך און לופטיק איז דאָס באַווינטע פּאַמיר. אַ גאָלדענע שיין פון אַ גרויסער פייערדיקער זון באַווייזט זיך אין די העלע פרימאָרגנס און בלייבט הענגען איבער די אייביקע שניי־שפּיצן פון די בערג קאַראַקול, אישקאַשים און קירזאיל־אַרט. דערנאָך הייבט זיך די זון אויף נאָך העכער און לאָזט זיך באַלד אַראָפּ צו די פלאַכע רחבותדיקע טאָלן מיט אַ מילדער וואַרעמקייט. און באַלד שפּרינגט די זון אַריין אין די אָזערעס זאַרעץ און זאָר־קול און שיינט פון דעם וואַסער צוריק צום הימל אַרויף. פון הימל פאַלן סנאָפּעס גאָלדיק־פיאַלעטעווע שטראַלן. די פּאַמירער דערפער, די קישלאַקן, ווערן פול מיט זון־שיין.

פון דעם קישלאַק אישקאַשים, וואָס האָט זיך צעשפּרייט און צעוואַקסן אַזש ביז צו דער סאַמע גרענעץ פון אַפגאַניסטאַן איז אַ יונגער בראַווער טאַדזשיק

אַרויסגעגאַנגען. עס איז געווען ענדע נאַכט. אַ קוים זעבאַרע רויטע שיין האָט זיך געשפּרייט פון איבער די בערג. דער יונגער בחור האָט געוואוסט, אַז עס וועט ניט נעמען לאַנג און איבער די זעלבע בערג וועט אַ פייער־פלאַם זיך באַווייזן. דערנאָך וועט זיך צעשטראַלען אַ פולע זון איבער גאַנץ פּאַמיר. דערפאַר האָט ער זיך געאיילט צו זיין וואָס ווייטער פון זיין דאָרף ווייל עס איז נאָך טונקל. ער האָט געקלעטערט צו די ווילדע, כמעט ניט באַטראָטענע שניי־וועגן, וואָס פירן דורך גאַנץ פּאַמיר, — דורך האָראָג, רושאַן, וואַנטש, קאַלומב ביז צום גרויסן קישלאַק דיושאַמבע.



אַבו קאָרים איז געגאַנגען איבער די בערג און טאָלן און פּאַזע די טייכן און אַזערעס און אויף אים האָבן געטשאַטעט הונגעריקע שאַקאַלן, ווילדע לייבן און מעכטיקע אָדלער־פייגל. זיי האָבן אים פון ווייטן נאָכגעקוקט, אָט־אָט וועלן זיי אים באַפאַלן, צערייסן אויף שטיקער, צעפּערעסן זיין קערפּער און אויספּיקן זיינע אויגן. אַ ציטער איז אַדורך זיין לייב. עס האָט אַזש ווי מיט נאָדלען געשטאָכן.

און מיט וואָס האָט ער זיך געקענט ווערן קעגן די הונגעריקע און ווילדע פּאַמירער חיות און פייגל; מיט זיין קליין פאַרזשאַווערט פּיסטאָלעטל, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי זיך אין קעשענע פון די הויזן, צי מיטן קורצן קינזאַלעכל, וואָס האָט זיך ביי זיין זייט געבאָמבלט?... אָבער מער ווי פאַר די חיות און פייגל האָט ער מורא געהאַט פאַר די צעווילדעוועטע באַסמאַטשן, די באַנדיטן פון די פאַרשיידנקאָליריקע און פאַרשיידנגלויביקע מחנות.

דערווייל האָט זיך קיין לעבעדיקער מענטש אויף דעם קוים דורכגענגלעכן וועג ניט געזען. דאָס וועטער האָט זיך פּלוצעם געביטן. ער האָט געזען פאַר זיך נאָר פאַרשנייטע בערג און אַ כמורנעם, אָנגעברוגזטן הימל וואָס וועט באַלד אַ מבול טאָן מיט שניי, מיט האָגל אָדער רעגן.

אַבו האָט אָנגעהויבן צו פילן אַ מידקייט. די קניעס האָבן זיך אים איינגעבראָכן. און פּלוצעם, ניט ווייט פון אים, אויף אַ נידעריק בערגל, האָט אים אויסגעדאַכט אַ גיגאַנטישע ווייס־האָריקע געשטאַלט מיט אַ פּאָר גרויסע לאַפּעס... די געשטאַלט איז געווען ענלעך צו אַ גאָרילע. און אפשר גאָר צו אַ מענטשן?... די לעגענדע וועגן דעם גרויזאַמען שניי־מענטש, וועלכער געפינט זיך ערגעץ אין די בערג פון די הימאַלאַיען, צווישן טיבעט און פּאַמיר, האָט אויפגעבליצט אין זיין מוח און מיט אַ שווערער שרעק אין זיין האַרצן זיך באַזעצט.

— אַללהאַ, פּאָטער אין הימל, און מוחאַמעד דיין נביא, באַשירעמט און באַשיצט מיך!...

ער האָט געטריבן דעם געדאַנק פון זיך און ניט געוואָלט גלייבן אין די פּוסטע מעשׂיות פון די פינצטערע, אומוויסנדיקע דעקחאַנעס, — די פּויערים וואָס קומען צוריק פון זייערע קאַראַוואַן־רייזעס און דערציילן זיך אָן מיט ליגנס, אַז אַללהאַ אין הימל איז זייער עדות, אַז זיי האָבן אַליין מיט זייערע אייגענע אויגן געזען ווי דער שרעקלעכער שניי־מענטש שפּאַנט איבער די פּאַמירער בערג...

און אַזוי ווי ער איז געגאַנגען אין ציטערניש און שרעק, זענען ווי פון אונטער אים אויסגעוואַקסן אַ צענדליק באַוואָפנטע מענטשן מיט נייע שיינענדיקע ביקסן און מיט ווייסע זילבערנע שווערדן. ביי דער מערהייט זענען באַדעקט געווען די קעפּ מיט גרויע קאַראַקולענע פּלאַטשיקע היטעלעך, אַזעלכע ווי עס טראָגן די מוסולמענער פון אינדיע און די באַרג־תושבים פון אַפגאַניסטאַן. אַ פּאָר מענטשן האָבן געטראָגן טיורבאַנען און איינער — אַ פּירקאַנטיקע אויסגעהעפטע, "טיבעטקע", אָדער "טיוביטייקע", אַ מין טראַדיציאָנעל מיטל־אַזיאַטיש "קאַפּעלע", אויף זייערע לינקע אָרעמס האָבן זיך אויסגעטיילט שוואַרצע בענדער, צום אונטערשייד פון די אַנדערע באַסמאַטשישע באַנדעס, און ספּעציעל צום אונטערשייד פון די מיליטערישע פּאַרטיזאַנישע קאַראַוואַנען, וועלכע זענען באַשטאַנען פון טאַדזשיקן, קירגיזן און רוסן, סימפּאַטיקער פון דער נייער באָלשעוויסטער מאַכט. (די זאַרבאַזיס — די סאָלדאַטן פון די קאַראַוואַנען האָבן געטראָגן רויטע בענדער אויף זייערע ברוסטן און רויטע בענדער אויף די אַרבל).

אַבו איז אַ דערשטוינטער מיט אַ פאַרגליווערטן בליק פאַרבליבן אויפן אָרט ווי צוגעקאָוועט. ער האָט געזען, אַז חוץ די גרויע קאַראַקולענע היטעלעך און די שוואַרצע אַרמבענדער זענען אַלע געקליידעט אין די טראַדיציאָנעלע טאַדזשיקישע מלבושים. אין וואַרעמע כאַלאַטן — געקווייטלטע און אין בונטע פּאַסן, אין ברייטע שאַראַוואַרעס און שטיוול פון ווילדע ציגן־פעל. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ טייל פון חוסיין אַלי־בעקס באַסמאַטשישער אַרמיי. ער האָט אויך אין דעם הויכן, לאַנגנאָזיקן און גאַלאַנט טאַדזשיק, מיט דער שיין־באַפּוצטער "טיבעטקע" אויפן קאָפּ און מיט דער גאָלדענער שווערד ביי דער זייט, דערקענט דעם פּירער פון די באַסמאַטשעס, דעם אַטאַמאַן און "גענעראַל" חוסיין אַלי־בעק. דאָס וואָס חוסיין איז דאָ נאָר מיט אַ צענדליק רייטער איז דאָס אַ סימן, אַז דאָס זענען זיינע לייב־גוואַרדייער, זיינע נאָענסטע גאָרגל־שניידער, זיינע געטרייסטע אַדיוטאַנטן.

אַבו האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און דרייסט באַגריסט חוסיין אַלי־בעקן מיט איבערגעטריבענע אַזיאַטישע לויב־ווערטער:

— סעלעם עלייקים! אָ, דו הויך־געשעצטער פּירער פון דער הייליקער איסלאַמישער מחנה! גרויס איז דיין נאָמען און געבענטשט זענען דיינע אויפטוען! אויף די גאָלדענע פליגל פון קרישטאָל־ווייסע טויבן זענען צו

אונדז, אין דעם ווייטן קישלאַק אישקאַשים, דערגאַנגען די קלאַנגען פון דיין העלדישקייט און דיינע גוטע מעשים. איך, דיין קנעכט, אַבו־קאַרים איבן אַבדול־באַבור, בלאָנדזשע טאָג ווי נאַכט אין די בערג און טאָלן פון אונדזער ליבער וואַטאַן, — אונדזער מוטערלאַנד, פּאַמיר, און איך בעט דעם אַלמעכטיקן אַללהאַ און מוחאַמעדן זיין נביא, אַז זיי זאָלן מיך פירן אויף דעם וועג וואו דו גייסט, אַז איך זאָל זיך מיט דיר באַגעגענען און אַז איך זאָל נושא חן זיין אין דיינע קלוגע אויגן!

חוסיין אַלי־בעק האָט שעלמיש אַ שמייכל געטאָן און זיך געווענדעט צו זיינע לייב־היטער:

— ווי געפעלט אייך דער אָ בחור? קען מען אים גלייבן?...

די באַנדיטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אַבו׳ען, אים באַטאַפּט און באַזוכט, אים אַריינגעקוקט ווי צו אַ פערד אין די ציין, באַטאַפּט זיינע געזונטע מוסקולן, געקלאַפּט אין זיין גרויסן ברוסט־קאַסטן און באַלד באַשטימט:

— אַ געזונטער יונגאַטש, ווי אַ קעמל — אַזוי געזונט!

מע האָט געלאַכט פון זיין פאַרזשאַווערט פּיסטאָלעטל און דאָס קליינע קינזשאַלעכל, וואָס מע האָט ביי אים געפונען:

— הע־הע, אַבו, מיט אַזאַ מין קינדער־שפּילכל וועסטו קיין אומגלייביקע רויטע רוסן און די מוסולמענישע חזרים, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צו זיי, ניט קענען אויסראָטן!...

און חוסיין, דער אַטאַמאַן, האָט זיך אַ ביסל אָנגעכמורעט, מיט זיין לאַנגער נאָז עפּעס אַ מין שנאָרע געטאָן און איבערגעפרעגט.

— זאָגסטו, אַז דו ביסט פון אישקאַשים?

יאָ, מיין האַר, איך בין פון דעם קישלאַק אישקאַשים, אַ לערער דאָרטן געווען, מיט די קינדער, און אַפילו אויך מיט אייניקע דערוואַקסענע, געלערנט אונדזער מוטער־שפּראַך טאַדזשיקיש, אונדזער קאָראַן־שריפט אַראַביש, און — ער האָט אויסגעשפּיגן — געמוזט אויך לערנען די חזרישע רוסן־שפּראַך פון אונדזערע באַצווינגער!!!

— גוט־גוט! — האָט חוסיין אויסגערופן און באַלד ווידער געפרעגט, — האָסטו דאָרט געקענט איינעם מיטן נאָמען דאָניש איבן־סינאַ?

— אָ, דעם איינהאַנטיקן דאָניש? פאַרשטייט זיך! מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן ביי אונז אין קישלאַק דאָניש דער הינט־שלעגער, ווייל ער האָט אַ מאָל אַ זעץ געטאָן אַ הונט און דער הונט האָט אים אַ ביס געטאָן אין דער לינקער האַנט. מע האָט אים געמוזט די האַנט אָפּשניידן, ווייל דער הינטישער גיפט וואָלט זיין גאַנצן קערפּער פאַרסמט און ער וואָלט געשטאָרבן. וועט אונדזער עמיר, געזונט זאָל ער זיין, איז דורך די רויטע אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין טראָן און איז אַוועק אין גלות, קיין אַפגאַניסטאַן, און ער האָט צו זיך גערופן

אַלע זיינע געטרייע נאָכפאָלגער און זיי באַפוילן אַרויסצוגיין אין אַ הייליקן קאַמף קעגן די רויטע בעסטיעס איז דאַניש אַוועק פון אונדזער קישלאַק און, ווי מיר האָבן געהערט, איז ער אַריינגעטראָטן אין איינער פון די מוסולמענישע מחנות...



— האָסט דעם אמת געזאָגט, מיין פריינד! דאַניש, כאָטש ער האָט נאָר איין האַנט איז ער אַ בראַוועד מענטש און ער שלאָגט זיך ווי אַ לייב. ער איז איינער פון מיינע לייטענאַנטן!

— אַך, דאַניש איז דאַ, ביי דיר? אָ, אַללאַה, מיין גאָט! איך בין אים אַזוי גערן צו זען!

— דו וועסט אים זען! — האָט חוסיין אַ צופרידענער געענטפערט, — ער איז איצט מיט זיינס אַן אָפּטייל אויף אַ ספּעציעלער שליחות... — ער האָט ווידער אַ ניט־צוטרוילעכן קוק געטאָן אויף אַבו׳ען און געפרעגט, — קענסטו מיין קינסמען קאַיאַם־סעיד טורסון?

— וואָס רעדסטו? מיין ליכטיקער האַר, מיין גרויסער אַטאַמאַן! איז קאַיאַם־סעיד אויף אַן אמת דיינס אַ קרוב? אָ, אַללאַה!... דער חשובער קאַיאַם וועט דאָך זיין מיין שווער! זיין טאָכטער, די שיינע קהאַניפאַ איז מיין כלה!

— אַזוי?... — האָט חוסיין אַלי־בעק אַן איבערראַשטער אויסגערופן, — מיין קאַיאַם האָט שוין אַזאַ דערוואַקסענע טאָכטער?... נו־וועסט מיר אַלץ דערציילן, אַבו, מיין פריינד!... ווייל איך ווייס כמעט גאָרניט וועגן אָט דעם קאַיאַם. איך ווייס נאָר, אַז ער איז מיינס אַ קרוב, אָבער איך האָב אים קיין מאָל ניט געזען. גוט־גוט. וועסט מיר אַלץ דערציילן שפּעטער, איצט מוזן מיר זיך רידן. זאָג נאָר אַבו־קאַרים, האָסטו ניט באַגעגענט אין דיין וועג קיין שום שפּורן פון רויטאַרמייער אָדער פון די חזרים, די פּאַרטיזאַנישע מיליטער־קאַראַוואַנען?

— ניין, מיין האַר! איך בין די גאַנצע צייט געווען איינער אַליין אויף די זייטיקע וועגן און שטעגן פון אונדזער ליבן פּאַמיר. אָ, ניין, וואָס זאָג איך איינער אַליין? איך בין געווען אין צווייען. אַללאַה איז מיט מיר געווען!

״גענעראַל״ חוסיין אַלי־בעק האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, און אַלע זיינע באַגלייטער האָבן חניפהדיק מיטגעלאַכט. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ ווייסן נאָז־טוך און מיט אַ משונהדיקן פייף אויסגעשנייצט די

נאָז. באַלד האָט ער פון איינעם פון זיינע אַדיוטאַנטן אַ כאַפּ געטאָן אַ לאַנגע ווייסע זילבערנע שווערד, באַצירט מיט געקריצטע גאָלד־געפעדעמטע אָרנאַמענט, און ער האָט די שווערד אָנגעהאַנגען אויף אַבו׳ען. ער האָט אים באַטראַכט אַ ווײַלע און אויסגעשריגן:

— איצט ביסטו אַן אמתער זאַרבאַזיס, אַן אמתער סאָלדאַט פון דער מוסולמענישער אַרמיי! מיר וועלן דיר שפּעטער נאָך אויך געבן אַ נייע ביקס. אַך, ווי שיין די ביקסן זענען! אַזש פון סאַמע ענגלאַנד צו אונדז אַרייַנגעשמוגלט. נו, גוט־גוט, מיר וועלן קומען צו מיין שטאַב וועלן מיר דיך איינשווערן און דיר אָנטאָן אַ שוואַרצן באַנד אויף דיין אָרעם און ערשט דאַן וועסטו שוין באמת זיין אַ העלד פון דער באַנייטער מוסולמענישער אַרמיי, וואָס קעמפט פאַר עמיר, אונדזער הערשער, און פאַר פאַמיר, אונדזער וואַטאַן, אונדזער מוטערלאַנד!...

חוסיין אַלי־בעק האָט באַפוילן זיינע לייב־היטער, אַז מע זאָל געבן אַבו־קאַרימען אַ פערד פון די, וואָס האָבן זיך אין רעזערוו ביי זיי געפונען.

מע איז געפאָרן ווייטער.

פון אונטער די בערג האָט זיך אַ שפּיציקע רויטלעכקייט באַוויזן און האָט געברענט ווי אַ פייער־פלאַקער. פלוצעם האָט אַ ווינט זיך אָנגעטראָגן און די



שניי־היטלען פון די הויכע בערג זענען זיך צעפאַלן, אראָפּגעגלידערט מיט אַ קראַך. עס איז געוואָרן קאַלט. שניי־שטויב איז געפלויגן אין דער לופטן און די זון האָט זיך געהויבן העכער די בערג. די זון־שטראַלן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שניי־שטויבן און אויסגעכישופט כלערליי פאַרבן: גאָלדיק־גרין, רויטלעך־בלוי און זילבערדיק־ווייס.

— איצט איז די צייט אָנצופאַלן אויף דעם קישלאַק קאַלאַי־הושב! — האָט אַ באַסמאַטש מיט אַ צעפּאַטלטער שוואַרצע באָרד אַ זאָג געטאָן. דער אָ באַסמאַטש איז באַקליידט געווען אין אַ שוואַרצן גלים, אַזאַ קאַפטאַן איבער אַ ווייס־קויטיקער טוניקע. זיינע בלויע ברייטע הויזן, — די שאַראַוואַרעס, האָבן זיך פון ווינט אָנגעבלאָזן. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ ווייסן טורבאַן מיט שוואַרצע, געפלאָכטענע שטריק אַרומגעוויקלט. יאָגנדיק זיך אויף זיין גרוי פערד האָט ער אויסגעזען ווי אַ פליענדיקער אַשמדאַי. ער האָט פון דער שייד אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און מיט איר אַ פאָכע געטאָן אין דער לופט. — מוחאַמעד אונדזער נביא איז מיין עדות, אַז איך וועל אַלע רוסן, יונג און אַלט, אויסשעכטן!

— היץ זיך ניט, גנעדיקער נאָסיר איבן־גאַלאַד! — האָט צו אים חוסיין אַליבעק אַ געשריי געטאָן. — גראָד איצט איז די צייט צו באַהאַלטן זיך אין די וועלדלעך פון די ניט צוטריטלעכע בערג, ווייל גראָד איצט, אין אַזאַ אָ וועטער, ווען מע דערוואַרט דאָס ניט קאָן דער טייוולאָנישער "גרויסער קאָמיסאַר", אַנטאָן פּאָראָכאָוו, אָנפאַלן אויף אונדז מיט זיינע הינטישע רויטע אַרמייער!

מע האָט זיך פאַרנומען אויף אַ שמאָל וועגל, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן צוויי הויכע בערג, באַוועגט זיך לאַנגזאַם, ווייל עס איז שווער געווען שנעל צו רייטן אין דעם צעקרימטן באַרג־שפּאַלט.

חוסיין אַלי־בעק איז אויף זיין ווייסן אָדלער־פערד געפלויגן צו אַבו׳ען, וועלכער האָט געריטן אויף אַ קליין, שוואַרץ פערדל, ער האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— זענען אין דיין קישלאַק חוץ אונדזערע ברידער טאַדזשיקן און אַנדערע מוסולמענער אוזבעקן, קירגיזן און טאַטאַרן, דאָרט אויך פאַראַן פיל רוסן?

— רוסן? נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס, מיין גנעדיקער גענעראַל!

— נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס, זאָגסטו? הע־הע, בחור, איך האָב פיינט אַז מע נאַרט מיך. איך ווייס, אַז אישקאַשים איז אַ גאָר גרויס דאָרף, כמעט אַזוי גרויס ווי דיושאַמבע און כאָטש איך בין אין דיין אישקאַשים קיין מאָל ניט געווען, זאָג איך דיר, אַז איך וועל נאָך דאָרט זיין! און איך ווייס, אַז דאָרט וווינען אַ סך רוסן און יידן אויך!

— די רוסן זענען זיך צעלאָפן, מיין גנעדיקער, זון־שיינענדיקער און באַרג־שיינער חוסיין אַלי־בעק! עס זענען ביי אונדז פאַרבליבן נאָר פיר רוסישע

משפחות. זיי שרעקן זיך איצט פאַר אונז און זיי אַנטלויפן און באַזעצן זיך דאָרט ווי די גאַרניזאָנען פון דער רויטער אַרמיי געפינען זיך! אָבער יידן? זיי האָבן זיך אויסגעמישט... מיר דוכט, אַז איך און אויך דו, מיין אַטאַמאַן, זענען געוועזענע יידן!...

פלוצעם האָט חוסיין אַ דריי געטאָן אַ שפּיץ פון זיינע קליינע וואַנצן, וועלכע זענען כמעט אין גאַנצן פאַרשטעלט געווען פון זיין גרויסער נאָז און ער האָט אויסגעשריגן:

— צו וויט וועלן די הינטישע אורוסן ניט לויפן! פריער אָדער שפּעטער,

— מיין שווערד וועט זיי דערגרייכן! — און באַלד האָט ער ראָמאַנטיש ווי צו אַ שיין מיידל צו אַבו'ען מיט אַ תאווה־בליק אין זיינע אויגן זיך געווענדעט: — זאָגסטו, אַז מיין קרוב קאַיאַם סעיד־טורסון האָט שוין אַ טאָכטער וואָס איז דיין כלה? זי מוז זיין אַ שיינע, האַ?

— יאָ, מיין גנעדיקער האַר!

חוסיין האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן: — הע־הע!... מיין קרוב האָט פאַרשעמט אונדזער שבט! ער האָט געזאָלט ווערן אַ מוללאַהּ אָבער איז גאָר געוואָרן, ווי איך האָב געהערט זאָגן, אַ באַרבער און אַ שאַרלאַטאַנסקע דאָקטער... דערצו נאָך אויך, ווי מע זאָגט אין אונדזער שבט, אַן אַפּיקורס!... ער לאַכט זיך אויס פון די שריפטן פון אונדזער הייליקן קאָראַן און ער האָט זיך פאַרקויפט צו די הינטישע נאָכפאָלגער פון לענין און טראָצקי!... וואָלט ער כאָטש אויסגעטאָן זיין טשאַלמע מיטן צייכן, אַז ער האָט באַזוכט די הייליקע מעקאַ!

— זאָל מיר דער גרויסער מאַן פאַרגעבן אויב מיינע רייד וועלן זיין ווידערשפּרעכיק, איך בעט דיך, מיין האַר!

— זאָל דיין צונג זאָגן וואָס דיין האַרץ פילט. איך וועל דיר פאַרגעבן, אַבו!

— איך וויל זאָגן, אַז קאַיאַם סעיד־טורסון איז אַ גוטער מוסולמענער און ער איז ניט קיין אָנהענגער פון אַ נייעם, אַ רויטן קאָראַן, וואָס הייסט קאָמוניזם!

— אַבו האָט אַ שפּיי געטאָן. — ווי איך ווייס, און דאָס האָט מיר קאַיאַם, מיין צוקונפטיקער שווער אַליין דערציילט, איז ער אָפּגעריסן געוואָרן פון אייער שבט צוליב אַ קריג פון זיין פאָטער מיט זיינס אַ ברודער און ער איז אַוועק פון פאַמיר און זיך באַזעצט אין אַפגאַניסטאַן אין דער שטאָט הערעט. אָבער צו לאַנג איז קאַיאַם מיט זיינע עלטערן אין דער שטאָט ניט געבליבן. דער שטערן פון זייערע מזלות האָט זיי געשטויסן צו וואָגלען און זיי זענען געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד, קיין אינדיע און צוריק קיין אַפגאַניסטאַן, קיין פּערסיע און צוריק קיין אַפגאַניסטאַן. און קאַיאַם איז דאַן אַלט געווען בסך הכל צען יאָר... ער איז אַנטלאָפן פון זיינע עלטערן און זיך צוריקגעקערט קיין פאַמיר. ער האָט זיך באַזעצט ביי עפּעס אַ קרוב אין האָראָג. און ווי דו ווייסט, מיין האַר, איז האָראָג פון לאַנג באַפעלקערט מער מיט רוסן ווי מיט טאַדזשיקן. אין דער

שולע, וואו ער האָט זיך געלערנט, אין האָראַג, האָט מען שטודירט מער רוסיש ווי טאַדזשיקיש, מער די הינטישע סלאַוון־שריפט ווי די הייליקע אַראַבישע אותיות און דאָס איז געווען קאַיאַמס גרויסער אומגליק און דערצו איז ער נאָך אויך געווען אַ גרויסער שלימזל. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקענט אויסלערנען גוט לייענען דעם אַראַבישן שריפט און גוט פאַרשטייען די אַראַבישע שפּראַך, איז וואָס פאַר אַ מוללאַה האָט ער געקענט ווערן ?... איז ער געוואָרן אַ פּראָסטער דעקחאַן, אַ פּראָסטער פויער, וואָס באַאַרבעט זיין שטיקל ערד מיט דעם שוויס פון זיין פּנים און מיט דעם בלוט פון זיין לייב ! ! !

— צטסע... צטסע... צטסע ! — האָט חוסיין זיך צעצסאַקעט מיט דער צונג, — דערצייל אַבו, דערצייל ווייטער ! ערגעץ איז פאַרוואָרפן מיינס אַ קרוב און איך קען אים ניט און איך מוז זיך צוהערן און גלייבן, אָדער ניט גלייבן, וואָס מע זאָגט מיר וועגן אים !... אַך... אַך... אַך ! — האָט ער זיך צעלאָזט, — וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס געוואָרן ? מע ווייסט דאָך היינט ניט וועמען יאָ צו גלייבן און וועמען ניט צו גלייבן ! — נו־נו, דערצייל ווייטער, ליבער אַבו !

— און ווייטער, מיין האַר, ווייס איך, אַז קאַיאַם סעיד איז צו אונדז אין אישקאַשים אָנגעקומען שוין אַ דערוואַקסענער און מיט פיר ווייבער, און ער האָט געמוזט אָפּגעטן דריי פון זיינע פיר ווייבער, ווייל זיי זענען געווען פוילּיכצעס און זיי האָבן אים ניט נאָר קיין זין, אַפילו קיין טעכטער אויך ניט געבוירן. דערצו האָבן זיי אַליין אויך מיט קיין שום אַרבעט אין פעלד און אין גאָרטן אים אַרויסהעלפן ניט געוואָלט. ער איז געבליבן מיט זיין לעצטער, מיט זיין פערטער ווייב, וועלכע האָט אים נאָר אַ טאָכטער געבוירן. דאָס מיידל, קאַניפאַ איז איצט זעכצן יאָר אַלט. זי איז שיין ווי טויזנט זונען און אַפילו אין אַ פינצטערער נאַכט שיינט איר געזיכט ווי אַ פולע זילבערנע לבנה. אין אירע שוואַרצע אויגן זענען איינגעזעצט בלוילעכע אַלמאַזן, וואָס גלאַנצן אַזוי ווי שטראַלן פון דער זון, וואָס שלאָגן זיך אָן אין די העכסטע שניי־שפּיצן און ברעכן זיך איבער אויסגעלייטערטע, ווען זיי פאַלן אַראָפּ צו אונדז אין קישלאַק. איר קערפּער איז ווייס ווי שניי אָבער הייס ווי פייער, און ער איז שלאַנק און בייגעוודיק ווי אונדזער גרויסער טייך פאַנדזש. דערצו איז זי אויך גוט דערצויגן און פיין געבילדעט אין טאַדזשיקעש און אין רוסיש...

העי־העי, אַבו וואַרט ! — האָט חוסיין אויסגערופן, — איך שווער ביי מיין גאָלדענער שווערד, אַז איך האָב געטראַכט אָפּצוהאַקן דעם קאָפּ פון מיין ווידער־שפּעניקן קינסמען קאַיאַם סעיד־טורסן. אָבער, ווי איך הער דיינע רייד פון חכמה און אמת, איז זיין טעכטערל אַזאַ שיינהייט, צו וועלכער איך הייב שוין אָן צו גלוסטן. איך וואָלט אַ פולן זאַק מיט גאָלד צו מיין "קאָזין" קאַיאַם אַוועקגעגעבן פאַר זיין שיינער קהאַניפאַ, אויב זי איז טאַקע אַזוי שיין ווי דו מאָלסט זי. און דיר, אַבו, וואָלט איך אויך אַ פולון זאַק מיט גאָלד אָפּגעגעבן, אַז

דו זאָלסט זי מיר אָפּטרעטן. אָבער אַללאַה איז מיין עדות, אַז אַ הייליקע מוסולמענישע קריג איז אויסגערופן געוואָרן און איך בין דער דינער פון דעם איינציקן גאָט אַללאַה און זיין נביא מוחאַמעד, איך דין אויך געטריי מייַן עמיר, כאָטש ער איז פון זיין לאַנד אין גלות פאַרטריבן!...

אַ שרעק איז אַבו׳ען באַפאַלן און ער האָט מיט ציטער אין קול אויסגערופן:

— איך גלייב דיינע רייד, מיין גרויסער אַטאַמאַן!

און חוסיין האָט פאָרגעזעצט:

— צען טויזנט גאָלדענע רובל האָט גענעראַל פרונזע, וועלכע איז פון טראָצקין אַהער מיט זיין אַרמיי געשיקט געוואָרן, צען טויזנט רובל וויל פרונזע באַצאָלן פאַר מיין קאָפּ!... אויך צען טויזנט רובל איז צוגעזאָגט פאַר די קעפּ פון די אַנדערע עמירס געטרייע דינער — פאַר איבראַהים־בעק איבן איסאַ־האָדזשאַ, דעם פירער פון דעם לאָקקאַי־שבט, און פאַר ענווער־פּאַשאַ, דער געטרייער מוסולמענער, וועלכער איז אַזש פון סאַמע טערקיי אַהער געקומען העלפן אונדזער עמיר!

— אַך־אַך־אַך! — האָט אַבו אונטערגעזיפצט — זאָל אַללאַה דיך באַשיצן, מיין טייערער האַר, חוסיין אַלי־בעק!

און חוסיין האָט פאָרגעזעצט זיך צו באַרימען:

— דער בייזער ״גרויסער קאָמיסאַר״, דער רויטער טשינגיס כאַן, דער הינטישער אַרויסהעלפער פון גענעראַל פרונזע, אַנטאָן פּאַראָכאָוו האָט געשווירן, אַז ער וועט מיך אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן כאַפּן, אין אַ זאַק מיך אַריינגעוואָרפן און מיך קיין דיושאַמבע, צום שטאַב פון גענעראַל פרונזע ברענגען... נו, מיין פריינד, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, אַז איך מוז מיין קאָפּ היטן, אַז ער זאָל ניט אַריינפאַלן אין די טריפענע הענט פון דעם פאַרשיוון אַנטאָן פּאָראָכאָוו! — ער האָט פלוצעם אויסגעזעצט אַ געלעכטער, וועלכער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ פייפעריי פון זיין לאַנגער נאָז, — מע זאָגט דאָך, אַז דער ״גרויסער קאָמיסאַר״ איז גאָר קליין ווי אַ וואָרעם, ער האָט אַ צעקנייטשט פּנים ווי אַ פאַרטריקנטע באַר, און זיין באָרד איז ווי פון אַן אַלטער צעפּוילטער ציג און דערצו נאָך האָט ער אַ פאַרך אויפן קאָפּ, און דערפאַר וויל זיין שיין, יונג און בלאָנד ווייבל מיט אים ניט שלאָפן!... — ער האָט זיך ווידער צעלאַכט, נאָר באַלד ערנסט אַ זאָג געטאָן, — וועסט נאָך זען, אַבו, אַז מיר וועלן אין איינעם אַן אויפדערנאַכט זיך אַראָפּכאַפּן קיין האַראַג און אויסשעכטן דאָרט דעם גאַנצן רויט־אַרמייש־קאָזאַקישן גאַרניזאָן! אַנטאָן פּאַראָכאָוון וועל איך אין קייטן שמידן און אים צווינגען צו קוקן ווי איך לייג זיך אין בעט מיט זיין בלאָנדער שיינער ווייבל! — דערנאָך האָט ער זיך ווי עפּעס פאַרשעמט פאַר זיינע רייד און צוגעגעבן: — הערסטו אַבו, דו האָסט פאַר מיר אַזוי שיין אויסגעמאָלט דיין כלה, אַז זי גייט מיר גאָר פון קאָפּ ניט אַרויס, איך וואָלט

בעסער אַנשטאַט מיט דער בלאָנדער אומריינער אורוסין זיך געליגט מיט אַ ריינער מוסולמענערין, מיט דיין קהאַניפאַ !... אָבער איך זאָג דיר צו אַבו, אַז קהאַניפאַ וועט נאָך אַמאָל זיין מיין יונגסטע, מיין בעסטע און מיין שענסטע זיבעטע ווייב, און דיר, אַבוו, ווי דעם בעסטן פריינד מיינעם, וועל איך שוין וויסן ווי אַזוי אָפּצודאַנקען !

אַבו האָט ווידער אויפגעציטערט. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן און דער קאָפּ האָט זיך אים אַזש פאַרדרייט.

— וואָס איז מיר דיר ? — האָט חוסיין אַלי־בעק אַ פרעג געטאָן דערזעענדיק ווי בלאַס אַבו׳ס פנים איז פלוצעם געוואָרן. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אָט־אָט באַלד פאַלט ער אַראָפּ פון זיין פערדל.

אַבו האָט זיך געכאַפּט און כיטרע זיך פאַרענטפערט :

— אָ, גרויסער און ליכטיקער האַר מיינער ! זיי מוחל דיין קנעכט אַבו קאַרים, פאַרוואָס אַ שלאָף איז אים אין דער מיט פון דיינע קלוגע רייד באַפאַלן. איך האָב דאָך עטלעכע נעכט מיינע אויגן ניט צוגעמאַכט. די ווילדע שאַקאַלן און די הונגעריקע אָדלערס האָבן געטשאַטעוועט נאָך מיר, נו, האָט מיין קערפּער ניט געוואָלט צו דער ערד זיך אַראָפּלאָזן און מיין קאָפּ האָט קיין שלאָף ניט געהאַט. און איצט, ווען איך בין אין שוץ פון דיין גנעדיקייט ציט זיך מיין קערפּער צו דער ערד פאַר אַ ביסל רו !...

# דאָס לעבל ברויט

ערשט איצט ווען איך בין צוגעקומען צו דער טיר מיט מיינע צוויי זונטיק צייטונגען, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב די שליסל פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן אויטאָמאַטיש פון אינעווייניק, ווען איך האָב זי פאַרמאַכט ביי מיין אַרויסגיין.

עס זיינען שוין אַוועק צוויי יאָר זינט די אויפּברויזנדיקע, נסימדיקע און נצחונדיקע "זעקס טאָגיקע" מלחמה פון ישראל און עגיפּטן, און מיין ווייב איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט זאַמלען געלט פאַרן יידישן לאַנד...

דעמאָלט, אין דער הייסער מינוט פון די "זעקס טעג", האָב איך אַליין געוואָלט אָפּפליען קיין ישראל און אַריינטרעטן אין די רייען פון די קעמפער קעגן דעם מצרישן היטלער, המן, עמלק, וועלכער הייסט איצט נאַסער, און וועלכער וויל פאַרטיליקן מיין יידיש פאָלק. איך בין דאָך עפּעס אַמאָל געווען אַ סאָלדאַט, פאַרגאָסן בלוט פאַר אַ פרעמד לאַנד, פאַר אַ פרעמד פאָלק און פאַר פרעמדע אידייען! איז פאַרוואָס זאָל איך איצט ניט קעמפן פאַר מיין אייגן לאַנד, פאַר מיין פאָלק און פאַר מיינע אידייען? אָבער מיין ווייב האָט אָנגעהויבן צו וויינען און זיך קוים אָפּגעבעטן ביי מיר ניט צו פאָרן.

האָב איך איינגעזען, אַז מיין ווייב איז גערעכט און געטאָן אַזוי ווי זי האָט מיך געראָטן.

אָבער זי, מיין שרהלע, וועלכע איז מיט אַ צען יאָר יינגער פון מיר, און האָט



נאָך, דאַנקען גאָט, מער ענערגיע ווי איך, איז מיט מיינע פּאָר דאָלערן אַליין, וואָס איך האָב געגעבן פאַר ישראל, ניט צופרידן געווען. זי איז איצט געוואָרן נאָך מער אַקטיוו ווי פריער אין אַלע אונטערנעמונגען פאַר די קאָמפּאַניעס לטובת ישראל. און היינט, אין דעם קאַלטן און שנייאיקן זונטיק, איז זי גאָר גאַנץ פרי אַוועק פון שטוב.

— וואָס איז די איילעניש? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און זיך אויף מיר צעשריגן, גלייך ווי איך וואָלט גאָר געווען אין עפּעס שולדיק.

— וואָס הייסט? אונדזער לאַנד ישראל שטייט דאָך שוין ווידער פאַר אַ געפאַר. נאַסער, ימח שמו וזכרו האָט שוין ווידער געזאָגט, אַז ער וועט אונדז פאַרטרינקען אין אַ ים בלוט און פאַרברענען אין אַ פלאַם פון פייער!... אָ, ניט דערלעבן וועט ער דאָס, ער צוזאַמען מיט זיינע סאָוועטישע מיטהעלפערס!...

נו, איז זי אַוועק אין אָט דעם־אָ פראַסטיקן זונטיק פרימאָרגן זיך צו באַגעגענען מיט אַנדערע פרויען, און צוזאַמען וועט מען גיין זאַמלען געלט פאַר ישראל.

איך בין געווען זייער אויפגערעגט, און ווען איך בין אַרויס אין גאַס אויף אַ ווײַלע כדי צו קויפן מיינע צייטונגען, האָב איך פאַרקלאַפּט הינטער זיך די ט״ און פאַרגעסן מיט זיך מיטצונעמען די שליסל. דאָס איז היינט מיט מיר געשען דאָס ערשטע מאָל... שטיי איך איצט אַזוי ביי דער פאַרשלאָסענער טיר און טראַכט: וואָס טוט מען? וואָלט דאָס מיט מיר געשען זומער, דאַן וואָלט איך אַוועק אין סענטראַל פּאַרק, — עס איז נאָר צוויי בלאָק פון מיין וואוינונג — און איך וואָלט דאָרטן אָפּגעפּטרט די עטלעכע שעה ביז מיין פרוי וועט אַהיים קומען. אָבער איצט, אין דעם־אָ קאַלטן וועטער, וואָס זאָל איך טאָן? ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג ווי נאָר שטיין ביי דער טיר און וואַרטן...

דערווייל איז דער שכן, וועלכער וואוינט לעבן מיר, אַ טיר ביי אַ טיר, אַרויסגעקומען פון זיין דירה און ער האָט, ווי אין די לעצטע צוויי יאָר, מיט מיר מער ניט גערעדט און מיר מער אפילו ניט געענטפערט אויף מיין גוט־שכנישן "גוט־מאָרגן"... איך האָב געגונג געהאַט דאגות אָן אים און איך האָב זיך גאָר ניט פאַרטראַכט פאַרוואָס דער שכן איז פלוצים אומפריינטלעך געוואָרן צו מיר. אמת, קיין גאָר נאָענטע פריינט זיינען מיר קיינמאָל ניט געווען, אָבער "העלאָ" האָבן מיר זיך שטענדיק געזאָגט. אַז איך בין אַ ייד, האָט דער שכן געקענט וויסן, ווייל ער האָט געזען די מזוזה אויף מיין טיר, און פון צייט צו צייט האָט ער מיך באַגעגנט און געזען, אַז איך האַלט אַ יידישע צייטונג אין דער האַנט. אָבער ווער ער איז האָב איך ניט געוואוסט. קיין שום צייכן פון זיין אידענטיטעט, זיין נאָמען איז אויף דער טיר ניט געווען. איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ פּאָרטאָריקאַנער, אַ קובאַנער, אָדער גאָר אַ געבוירענער אין שפּאַניע...

אַז ער איז אַן אַראַבער, דאָס איז מיר גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן.

דער שכן איז אַראָפּ מיטן עלעווייטער, און איך בין געבליבן ווידער איינער אַליין ביי דער פאַרשלאָסענער טיר. וויפל עס האָט געדויערט ווייס איך ניט, נאָר ווען דער שכן איז צוריקגעקומען האָט ער געהאַלטן אין זיין האַנט אַ געפלאָכטענעם ווייסן לעבל ברויט. ער האָט באַמערקט ווי איך קוק אויף דעם ברויט און ער האָט פלוצעם, נאָך צוויי יאָר אָפּגעפרעמדקייט, ווידער מיך באַגריסט און דערביי געפרעגט:

— וואָס, איר שטייט נאָך אַלץ דאָ? איז די טיר פאַרשלאָסן?

— יאָ, — האָב איך מיט אַ טרויעריק שמייכל אָפּגעענטפערט, — איך בין אַרויס קויפן אַ צייטונג. פאַרגעסן די שליסל. און די טיר, ווייסט איר דאָך, פאַרמאַכט זיך אַליין פון אינעווייניק אויטאָמאַטיש... נו, מוז איך וואַרטן ביז מיין ווייב וועט קומען...

— יידישער געדולד... — האָט דער שכן געזאָגט — עס איז ווי מיט פאַלעסטיין, אָדער ווי איר רופט עס ישראל... צוויי טויזנט יאָר האָט איר געוואַרט און אויף אייערס זיך דערוואַרט. יידן זיינען צוריק אין זייער "היים"...

מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וואָרט "היים" האָט ער אַרויסגערעדט מיט האַס. אָבער פלוצעם האָט זיך אַ ריין מילדער שמייכל אוף זיין פּנים באַוויזן. ער האָט געזאָגט:

— מיין ווייב איז אין מיאַמי בישט, צו אירע קרובים אויף אַ פּאָר וואָכן אַוועקגעפאָרן. איך בין איצט איינער אַליין. זונטיק, ווען מיין שאַפּ איז פאַרמאַכט, פיל איך זיך איינזאַם אין מיין דירה, ביטע, קומט אַריין. איר דאַרפט דאָך ניט שטיין ביי אַ געשלאָסענער טיר די גאַנצע צייט, ביז אייער פרוי וועט אַהיים קומען.

איך האָב זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. אין בין אַריינגעקומען.

מיר זיינען ביידע געזעסן אין עס־צימער, איינער אַקעגן דעם צווייטן, און געשמועסט. דאָס ווייסע ברויט, געפלאָכטן ווי אַ קוילעטש, מיט ראָזשינקעס, איז געלעגן אויפן טיש, פאַר אונדזערע אויגן, און עס האָט געשמעקט פון דעם מיט אַלע רייצנדיקע טעמים. עס האָט אָנגעכאַפּט אַ חשק אָפּצוברעכן אַ שטיקל און עסן. איך האָב געציילט די טיילן און וויפל דאָס ברויט איז געפלאָכטן און איינגעטיילט געוואָרן, כאָטש עס האָט אויסגעזען קיילעכדיק ווי אַ באַבקע און ניט לענגלעך ווי אַ קוילעטש. איך האָב אָנגעציילט אַכצן טיילן. ניט ווילנדיק האָט זיך פון מיין מויל אַרויסגעכאַפּט אַ וואונדער־אויסגעשריי "חי". דער שכן האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, דערנאָך אויפן ברויט. ער האָט שטיל געזאָגט:

— איך בין אַן אַראַבער פון מצרים. געוואוינט אַ צייט אין פאַלעסטיין און איך קען אפילו אַביסל העברעאיש. איר האָט איבערגעציילט אַכצן חלקים־געפלעכטן אין דעם ברויט, און איר טייטשט עס אויס ווי "חי", צום לעבן". נו

גוט, לאָמיר לעבן און געזונט זיין. איך וואָלט אייך מכבד געווען מיט וויין אָדער בראָנפן, כדי צו טרינקען מיט אייך "לחיים", אָבער איך בין אַ שטרענג־פרומער אָרטאָדאָקסישער מוסולמענער און אין מיין הויז זיינען קיין אַלקאָהאָלישע געטראַנקען ניט פאַראַן, איז לאָמיר אָפּברעכן צו שטיקער ברויט און מיט דעם זיך ווינטשן אַ "לחיים"...

— און זאָל זיין שלום צווישן אונדז און אין דער גאָרער וועלט, — האָב איך צוגעגעבן.

— יאָ, שלום !... — האָט ער אויך אַ שווערן זיפץ געטאָן, און פאָרגעזעצט,

— געוויינלעך קויפט מיין ווייב איין אַלע עסנוואַרג אין דער שפּייז־קראָם. אָבער היינט, זונטיק, איז די קראָם געשלאָסן. איך האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז איך האָב ניט קיין ברויט. אַזוי איז דאָס, ווען אַ מאַן בלייבט אַליין אָן זיין פרוי. מע פאַרגעסט זיך וואו מע איז אין דער וועלט. אָבער די יידישע בעקעריי דאָ אויפן עק גאַס איז זונטיק יאָ אָפן. האָב איך דאָס ברויט געקויפט.

— יאָ, עס איז אַ שיין אויסגעבאַקענער לעבל ברויט, — האָב איך געזאָגט.

— פאַרזוכט אַ שטיקל.

— אָ, ניין, אַ דאַנק. מיין פרוי וועט געוויס באַלד אָנקומען. מירן עסן צוזאַמען. אָבער... דאָך... עס געפעלט מיר, וואָס איר ווילט פון די אַכצן חלקים איין חלק מיר צוטיילן...

— איך מיין, אפשר זענט איר הונגעריק. פאַרזוכט אַ שטיקל.

נו גוט. כאָטש איך בין גאָר ניט הונגעריק, אָבער אַ שטיקל היימיש געבאַקן יידיש ברויט האָט אַ באַזונדערן טעם.

— איר פאַרשטייט, — האָט דער אַראַבער זיך אָנגערופן אין אַ זייער אויפגעלעבטן טאָן, — דאָס זענען די זיטן פון גאַסט־פריינטלעכקייט. מע דאַרף זיך טיילן מיט אַ מענטשן מיט וואָס נאָר מע האָט. אַזוי האָט מען זיך אויפגעפירט אין מיין טאַטנס הויז, אין דעם אָרעמען דאָרף, וואָס ליגט צוואַנציק מייל פון דער גרויסער שטאָט אַלעקסאַנדריע.

— זייער פיין, — האָב איך געזאָגט, — אָבער גיט אַ קוק. אָט זענט איר אַן אַראַבער, און איך בין אַ ייד. צוליב געוויסע סיבות זענען מיר ביידע אין אַמעריקע, און ניט אין די לענדער פון אונדזערע אבות. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן ביידע זיין שכנים און לעבן אַ טיר ביי אַ טיר, און אַז היינט, אין דעם־אָ ווינטערדיקן זונטיק אינדערפרי, זאָלן מיר זיך ביידע טרעפן אין קאָרידאָר, זיך באַגריסן און פאַרפירן אַ שמועס. און איר האָט מיך אַפילו איינגעלאַדן צו זיך ווי אייער גאַסט. און איך לאַד אייך אויך איין צו זיך ווי מיין גאַסט... איז פאַרוואָס קען אַזוינס ניט געשען אויך דאָרט, צווישן יידן און אַראַבער, צווישן ישראל און עגיפּטן?... פאַרוואָס זאָל מען זיך ניט איבערבעטן, מאַכן שלום און געניסן פון לעבן?... גיט נאָר אַ קוק אויף דעם־אָ

אויסטערלישן לעבל ברויט, אין דער פאָרם פון אַ שבת קוילעטש, אַ חלה געפלאָכטן אין אַכצן חלקים. דאָס קען דאָך דינען ווי אַ סימבאָל פון גוטן ווילן, פון גוטסקייט פון מענטש צו מענטש און טאָלעראַנץ פון פאָלק צו פאָלק. אויב איר קענט ביי זיך פועלן אָפּצוגעבן איין אַכצנטל פון אייער גרויסן ברויט צו אַ פרעמדן יידן, איז פאַרוואָס זאָלן די אַראַבער ניט פאַרשטיין, אַז נאָר איין פּיצעלע, גאָר אַ קליינינקער טייל פון מער ווי אַכצן גרויסע שטיקער אַראַבישע ערד, אין דעם מיטעלן מזרח, באַלאַנגט צו יידן, צום פאָלק ישראל, צום קרוב אייערן, צו מענטשן וואָס ווערן שוין צוויי טויזנט יאָר באַליידיקט, געפּייניקט און באַדראָט אָפּגעמעקט צו ווערן. און איצט, ווען די מעגלעכקייט איז צו די יידן געגעבן געוואָרן, אַז זיי זאָלן מער ניט זיין נע ונד, אַז זיי זאָלן צוריק האָבן אַן אייגענע היים, אַזוי ווי איר האָט דאָס, איז אַנשטאָט צו באַגריסן זיי, מיט "וועלקאָם", מיט "ברוך הבא", באַגעגנט איר זיי גאָר מיט מלחמה און דראָאונגען...

מיין שכן איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און געשוויגן.

באַלד האָט ער שוער אַ זאָג געטאָן:

— אפשר האָסטו רעכט, מיין פריינט.

און איך האָב ווייטער געהאַמערט און באַוויזן אַז מיט שלום קאָן מען גוטס דערגרייכן.

מיטאַמאָל האָט ער זיך באַשלאָסן אָפּצוענטפערן:

— איך ווייס זייער גוט וועגן אייער צוגעבונדקייט צום לאַנד פון וואַנען מע האָט אייך פאַרטריבן. איך ווייס אייער געשיכטע און אייערע תפילות, פּונקט אַזוי ווי איך ווייס אונדזער געשיכטע און אונדזערע תפילות. פיללייכט האָט איר רעכט. דער פאַקט וואָס איך בין אַוועק פון מיין לאַנד, זינט גאַמעל אַבדאַל נאַסער איז געקומען צו דער מאַכט, דאָס איז מיין באַווייז, אַז איך בין אין מיין וועלט־אַנשויאונג אַ סך אַנדערש ווי אַנדערע עגיפּטער־אַראַבער. איך בין קעגן גוואַלדטאַט און אַן אַנהענגער פון צונויפרעדן זיך, פון לעבן בשלום. אָבער איך ווייס אויך, אַז אַזעלכע אַראַבער ווי איך זיינען גאָר ווייניק דאָ. און די וועלכע דענקען אַזוי ווי איך, האָבן דאָס מורא אַרויסצוזאָגן... עס איז אין אונדז ניט די שלעכטקייט, פאַרוואָס מיר ווילן מיט אייך קיין שלום ניט האָבן, נאָר אונדזער באַליידיקטער שטאָלץ, און די דורותדיקע געוואוינהייט פון נעמען נקמה... איר, אַזוי ווייניק אין צאָל, האָט אונדז באַזיגט, אונדז, וואָס מיר זיינען אַזוי פיל אין צאָל... זיך זעצן מיט אייך ביי איין טיש און רעדן וועגן שלום איז פאַר אונדז ווי פאַלן פאַר אייך אויף די קני... פאַרשטייט אונדז... דאָס איז אונדזער ווייטיק און אונדזער אומגליק...

— אָ, ניין, מיין פריינט, — בין איך צו אים צוגעקומען און אים אַרומגענומען, — לערנט זיך אויס צו דענקען, אַז זיצן ביי איין טיש מיט אַ

געוועזענעם "שונא" און זיך מיט אים איבערבעטן, און מיט אים אַדורכקומען, איז ניט קיין געפאַלנקייט נאָר פאַרקערט, אַ דערהויבנקייט... מע ווערט גלייך אויף גלייך און גלייך צו גלייך... וואָס קען נאָך זיין בעסער פון דעם ?... אָ, טייערער, געוואוינט זיך צו צום געדאַנק פון לעבן אין שלום מיט אונדז...

— יאָ, מע מוז פּרוּוון, — האָט מיין אַראַבישער שכן צוגעגעבן, — כאָטש עס איז שווער...

דערווייל האָבן זיך דערהערט טריט אין דעם שטילן קאָרידאָר. דערנאָך האָב איך געהערט ווי די טיר פון מיין שטוב האָט זיך געעפנט, און דאָס קול פון מיין פרוי :

— צביעלע ! וואָס מאַכסטו ? ביסט אַוודאי הונגעריק, באַלד מאַך איך עסן...

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין שכן.

— אַ דאַנק אייך פאַר אייער גאַסטפריינטשאַפט. ביטע, קומט אַריין צו אונדז. איך וויל מיר זאָלן זיין פריינט. מיר זיינען דאָך שכנים !...

— איך וועל אויפדערנאַכט זיך אַריינכאַפּן צו אייך, אויב איר ווילט האָבן ביי זיך אַן אויפדערנאַכטיקן גאַסט ! — האָט ער פריילעך אַ זאָג געטאָן און איך האָב אים באַלד אָפּגעענטפערט : — איר זענט ווילקאָמען אין מיין שטוב.

איך האָב זיך נאָך אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן ביים אַוועקגיין, און פּלוצעם האָב איך צו אים געזאָגט : — ווייסט איר כאָטש וואָס די סאָוועטן טוען אייך אָפּ ?

— איך ווייס דאָס זייער גוט, — האָט ער געזאָגט — וואָס סאָוועט־רוסלאַנד האָט געטאָן צו די מוסולמענישע פעלקער פון דער סאָוועטישער אַזיע.

איך האָב קלאָר געזען, דער אַראַבער באַגרייפט זיין טרויעריקע לאַגע.

ער איז אַנשוויגן געוואָרן. איך בין געשטאַנען ביי דער טיר גרייט אַוועקצוגיין, אָבער איך האָב ניט געהאַט די מוט אים צו פאַרלאָזן אָן אַ טרייסט־וואָרט.

— באַרואיקט זיך, פריינט...

— אַבו בען אלי איז מיין נאָמען. איר מעגט מיך רופן קירצער : אבו...

— גוט, פריינט אבו. לאָמיר גלויבן, אַז דער הימל איז נאָך ניט ביי דער ערד. עס קען נאָך ווערן גוט.

מיין ווייב האָט איצט הויך אויף אַ קול גערופן :

— צביעלע ! וואו ביסטו ?...

איך האָב געמוזט זיך אומקערן צו מיין דירה.

מיין ווייב און איך האָבן געוואַרט דעם אויפדערנאַכט אויף דעם גאַסט, אונדזער אַראַבישן שכן. אָבער ער איז ניט געקומען. אויך דעם אַנדערן אָוונט

איז ער צו אונדז ניט געקומען. איך האָב זיך אָנגעהויבן זאָרגן. פּילייכט איז ער קראַנק?... איך האָב אָבער ניט געוואַגט אַליין אַריינקומען צו אים. מע קען זיך דען פאַרלאָזן אויף דער אַראַבישער פאַנטאַזיע?... אפשר האָט אים באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זיך פאַר מיר אַראָפּגערעדט פון האַרצן?... דער אַראַבישער שטאָלץ!... אַ קליינינקייט... און דאָ האָט מיר נאָך מיין ווייב, שרהלע, באַרואיקט. זי האָט געהערט פאַרטאָג פאַרשליסן זיין טיר. אַ באַווייז: ער גייט צו דער אַרבעט אין זיין שאַפּ.

אָבער אין אַ וואָך אַרום האָט מען פאַרנאַכט־צו אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר. עס איז געווען מיין אַראַבישער שכן מיט זיין יונגער שיינער אַראַבישער פרוי, וועלכע האָט זיך מיט אַ טאָג פריער צוריקגעקערט פון איר וואַקאַציע אין מיאַמי ביטש.

און אַזוי־אָ זיינען מיר געוואָרן מער ווי גוטע שכנים. מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינט.

# זאָל מיין תפילה היינט זיין
# אַן ארויסרוף צו דער וועלט
## (אַ פּראָז־פּאָעמע)

אָ ג־ט! איך, אַ פּראָסט־פּשוטער ייד און מענטש, טו תפילה טאָן צו דיר יעדן טאָג. אָבער היינט, אין אַ יובל פון דיין און מיין לאַנד ישראל, בעט איך ביי דיר: דערלויב מיר צו פאַרוואַנדלען מיין תפילה אין אַן אַרויסרוף צו דער וועלט!

אַ מוראדיקע שטילקייט האָט געהערשט צווישן מיר און מיין ג־ט.

און מיטאַמאָל האָט זיך אַ בת־קול צו מיר דערטראָגן... דאָס בת־קול האָט זיך פאַרייניקט מיט מיין אייגן קול. און מיינע דבורים האָבן אָנגעהויבן צו שאַלן ווי אַ דינער:

צבי בר בן־ציון, זאָל דיין תפילה היינט זיין אַ רוף צו דער וועלט. און דו זאָלסט זאָגן אַזוי:

אָ, וועלט! טו אויס די שוואַרצעברילן און גיב אַ קוק אויף מיר, דעם ייד. גאָטס זון שיינט מיט גאָלדענע שטראַלן פאַר אַלעמען בייטאָג. די לבנה זילבערט זיך און מאַכט העל די נאַכט. פונקן פון האָפענונג איז יעדער שטערן. און דער רעגן־בויגן, מיט אַלע זיינע פאַרביקע קאָלירן, איז דער בונד פון גאָט מיט אַלע מיינע אבות.

דער קלאָרער וואַסער־פאַל, דער שטילער טייך, דער ים מיט זיינע רוישיקע וועלן, דאָס גרינע פעלד, דער ברוינער וואַלד, די הויכע בערג מיט די ווייסע שפּיצן, וואָס שניידן זיך איין אין די וואָלקנס, די נידעריקע טאָלן, דאָס גראָז מיט דעם פרימאָרגן־טוי, ווי טראָפּנדלעך בריליאַנטן, דאָס ווינטל וואָס טראָגט זיך אָן ווי אויף כוואַליעס, דאָס רעגנדל נאָך ווען עס לעכצט די ערד, דער ווייסער שניי, די זאַמדן אין דער מדבר, און דאָס עפּעלע פון גן־עדן, — דאָס אַלץ האָט גאָט פאַר אונדז, פאַר דיר און מיר, באַשאַפן...

איך שטאַם פון אָדמען, אַזוי ווי יעדער איינער, און איך ווייס ניט פאַרוואָס איך בין ביי דיר, אָ וועלט, אַזוי פאַרשעמט?...

מיט חכמה, האָט מיך אונדזער גאָט געבענטשט, נאָר מאַכט האָט ער דיר, אָ וועלט, געגעבן!...

עס וועלקט מיין קאָפּ פון צרות און יסורים, מיין געפּייניקטע לייב מאָנט אַ ביסל רו. נישט קיין טרערן, נאָר בלוט רינט פון מיינע אויגן. איך וואָלט אַ קאַלטן שטיין געקושט, ווען איך זאָל נאָר וויסן, אַז ישראל איז שוין מיין היים.

אָ, איך קען פון שטיין אויסצאַפּן וואַסער פאַר מיין דורשט. מן פון הימל וועל איך האָבן. אָבער גיי טו עפּעס, אַז דו, אָ וועלט, דו בינדסט מיר מיינע הענט!...

ווילסטו ערלעך און באמת וויסן וואָס און ווער עס איז אַ ייד?

אָט שטייט ער פאַר דיר, פּונקט אַזאַ ווי יעדער מענטש אויף גאָטס ערד! דו, אָ, וועלט, טו נאָר אויס דיינע שוואַרצע ברילן און גיב אַ קוק מיט קלאָרקייט פון דיין נשמה. זע, איך ברענג פאַר דיר אַ בינטל יידן, ווי אַ בינטל בלומען, ווייסטו דאָך, אָ וועלט, אַז בלומען זיינען אויף דער ערד אַלערליי פאַראַן:

אָט זיצט אַ ייד איינגעבויגן און קלאַפּט אַ טשוועקל אין אַ שוך. ביזן גרויען טאָג זיצט זיין טאָכטער ביי דער ניי־מאַשין און שטעפּט. אַ זון, אַ שניידער־יונג, וואָס שפּייט שוין אויס זיין האַרץ, ביזן לעצטן אָטעם האַלט ער פעסט די נאָדל, ווי אַ זעלנער האַלט זיין ביקס...

און אָט איז אַן אַנדער ייד:

ער איז שלאַנק און שיין. פון זיין פידל רעדט דאָס האַרץ אַרויס. זיסע טענער זיינען אָפט טרויעריק און אַמאָל אויך פריילעך. מענטשן גאַפן, קוקן אויף אים מיט פאַרליבטע אויגן.. און אָט דאָס־אָ יידישע מיידל. ווען זי זינגט פאַרצויבערט זי די מענטשן. אַפילו קיסרים פאַלן דאָך פאַר אירע פיס... און דער ייד וואָס שרייבט גאָר ספרים, אים באַוואונדערסטו דאָך אַליין, אָ, וועלט, דו האָסט דאָך דעם בוך פון אַלע ביכער ביי אים, ווי אַ ליבע מתנה אָפּגעקומען!...

און דאָס איז אַ ייד וואָס בויט הייזער! און אָט איז אַ צווייטער ייד, ער מאָלט די לאַנדשאַפט. אַ דריטער — ער איז אַ זייגערמאַכער. אַ פערטער — ער אַרבעט אין אַ שאַפּ. אַ פינפטער האַנדלט. אַ זעקסטער בעט נדבות... און צווישן טויזנט־טויזנטער פון מיין אַרבעטזאַמען פאָלק איז אויך דאָ איין ייד, אַ מיליאָנער, אַ באַנקיר!...

מאַך אַ חשבון צווישן דייניקע, די ניט־יידן, אָ, וועלט, און דו וועסט זען, אַז מיליאָנערן, באַנקירן, און אַפילו פּאַראַזיטן ליידיק־גייער, "פּליי־בויס" און לעב יונגען זיינען צווישן דיינע פּראָטעזשירטע פעלקער, פאַראַן, לויט דער מאַטעמאַטישער פּראָפּאָרץ, זייער פיל, מערער ווי צווישן דיינע אָפּגעשטויסענע יידן. און דו, אָ וועלט, דו רעדסט דאָך שטענדיק אויף דער וועלט־אַרענע, די "יו־ען", וועגן מענטשלעכקייט און וועגן גלייכהייט! איז פאַרוואָס, ווען עס קומט צו יידן מעסטו זיי שטענדיק מיט דער מאָס פון אומגלייכהייט?

נו, וועל איך דיר באַווייזן נאָך אַ ביישפּיל, אַז וואָס און ווער עס איז אַ ייד.

אַ ייד איז דער, וואָס וויל זיין אַ ייד און זאָגט אַז ער איז אַ ייד. אָט גיב אַ קוק אויף דעם ייד, אין ווייסן אָנגעטאָן און מיט אַ בלענד־שיינענדיקן שאַרפן מעסער אין זיין האַנט. ער איז ניט קיין גזלן און ניט קיין רויבער און אויך ניט קיין גנב. ער איז אַ דאָקטער! ער שניידט פון מענטשנס לייב אַרויס אַ וואונד

און ברענגט דעם מענטש צוריק צו אַ געזונט און גליקלעך לעבן. און אָט איז אַן אַנדער ייִד, מיט אַ ביקס אין דער האַנט. אַ וואו מע לאָזט אים צו גלייך מיט אַלע מענטשן, פריי און רואיק לעבן, דאָרט איז ער אַ געטרייער בירגער, און אפילו אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דעם לאַנד אין וועלכן ער וואוינט. מע קען אויך טרעפן ייִדן אין די קוילן־גריבער אַלס אַרבעטער, און אין דער לופט ווי אַ פליער קאַפּיטאַן; און ווי אַ מאַטראָס אויף אַ שיף; אַ קערער אויף די גאַסן, און אַ פירער אויף אַ לאָקאָמאָטיוו...



און אָט גייט אַ פּאַסטעכל מיט אַ שטעקן אין דער האַנט. ווייסע קוטשעראַווע שעפעלעך גייען באַרג אַרויף. און ווען עס זילבערט זיך דער ראַנד פון הימל, ווען אויף מערבֿ־עק פאַרגייט די רויטע פייערדיקע שקיעה, — דאַן טרייבט דאָס פּאַסטעכל זיינע שעפעלעך פון באַרג אַראָפּ... מיטן אַקער אין דעם שוואַרצן באָדן, ביי דער לבֿנה־שיין, אַ טאַטע מיט זיינע בנים אַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, ווייל די זון אין דעם אָריענט האָט אַ גאַנצן טאָג געברענט... מאַמעס לייגן שלאָפן זייערע קליינע קינדער אין אונטער־ערד־באַהעלטענישן, כדי אַראַבישע באַנדיטן זאָלן זיי ניט געפינען און זיי שעכטן... כלות העפטן אויס מיט גינגאָלד מגן־דודלעך אויף תפילין־זעקעלעך... חתנים שלאָגן זיך מיט פיינט פאַר יעדער טריט פון זייער הייליק לאַנד...

נו, האָסטו איצט אַלץ געזען, אָ, וועלט?... איז טו ניט אָן צוריק דיינע שוואַרצע ברילן. שפּיי אויס דעם סם, וואָס דער טייוול האָט דיר געגעבן צו טרינקען. אין דער רעכטער זייט שטייט פאַר דיר דער באַלזאַם פון אונדזער גאָט!... אָ, טו פון מיר ניט חוזק, דו, וועלט! איך בין דאָך אַ מענטש, מיט אַ נשמה, מיט אַלע חושים און אויך מיט אַ גאַל!...

איך וויל, אַז ווען די זון גייט אויף און שטייט אויף דעם זעניט פון הימל, זאָל זי שיינען אויך פאַר מיר. זיסע וואַסער פון דעם קלאָרן קוואַל זאָלן מיינע קינדער טרינקען. איך וויל זיין געזיכערט מיט פרייד פון אַרבעט, מיט זאַטקייט און מיט שבת־רו. איך וויל אַ דאַך איבער מיין קאָפּ און ווענט, וואָס זאָלן מיך פאַרהיטן פון רעגן און פון קעלט.

איך מאָן דאָך ניט קיין סך. איך מאָן דאָס, וואָס עס קומט יעדן מענטשן!... אָ, וועלט, צו האָסטו גאָט אין האַרצן?...

געדענק, איך בין אַ ייד! און פון אַ יידן צאַפּן בלוט צאָלט זיך גאָר ניט אויס. בלעטער איבער, אין דיין זכרון, די געשיכטע! וואו זיינען זיי, אָט יענע "גרויסע מאַכטן" וואָס האָבן מיר געברענט אין פייער, געפּייניקט מיין לייב און געטרונקען מיין בלוט?... נישטאָ פון זיי קיין איינער!... נישט איך, נאָר די געשיכטע האָט שוין אַזאַ טבע צו נעמען פון אייך נקמה, פאַר מיר, פאַר מיינע טאַטע־מאַמע און פאַר מיינע אומגעבראַכטע קינדער.

איך דראָע ניט. איך בעט: אָ, וועלט, טו פון מיר ניט אָפּ דיין חסד. שטער מיר ניט אויב דו ווילסט ניט העלפן. פּענטע מיר ניט מיינע הענט און פיס... און דאַן, אָ, וועלט, וועסטו זען, ווי איך וועל דעם קאַלטן שטיין אַ קוש טאָן און איך וועל האָבן ברויט, מילך, ווייַן און האָניק. ... און אפילו שוואַרצע האַרט־ בריליאַנטן קוילן, און גאָלדן־פליסיקן אויל, וועט ישראל אויך, מיט ג־ט׳ס הילף, האָבן... די ערגסטע שכנים וועלן ווערן מיינע פריינט. וועלט־שליחים וועלן קומען אין מיין לאַנד... אָ, וועלט, טו אויס די שוואַרצע ברילן און זאָל זיין פרידן און שלום אין דער וועלט און אין יעדער אידיש הויז... אָמן!

## ירושלים פון ישראל די קרוין
### (געקליבענע פראַגמענטן)

ירושלים,
געזאַלבט מיט דער קרוין פון פרידן,
אויסגעקעמפט דורך שווערד און פייער,
דורך חכמה און נס,
דורך אַרבעט און שווייס,
דורך אַ פאָלק פון אייביקע אידן!..

ירושלים,
געקרוינטע מיט חסד און צדק
דיין בית המקדש האָבן רוצחים גע׳חורבה׳ט,
און פון אים איז געבליבן אַ הייליקע וואַנט,
ווי אָפּגעהאַקט פון אַ קערפּער, — אַן איינציקע האַנט.
אין אַלע צייטן, פאַר צוויי טויזנט יאָר,
געביטן האָבן זיך רצחים פון דור צו דור:
רוימער, פּערסן און גריכן,
הערשער פון אַלערליי קירכן,
קרייצזוגלער, טערקן, ענגלענדער און אַראַבער,
און אַנדערע מלחמה־צינדער און שקלאַפן־טרייבער.
פון זיי איז דאָס אידישע לאַנד פאַרוויסט געוואָרן,
ווי פון נאָך אַ מבל, נאָך אַ שרפה און נאָך אַ שטורם.
פאַרבליבן איז פון ירושלים און פון גאַנץ ישראל.
נאָר אַ כתל מערבי, אַ הייליקע וואַנט, אַ שטראַלנדיקער טורעם,
אַ זכר און אַ טרייסט, אַ בטחון און אַ יללה!..
בעטן דורות אידן: ״זאָל שוין קומען די גאולה.״
אין די ספרים איז דאָס אַלץ פאַרשריבן,
וועגן אַ אידיש פאָלק, וועגן פאַרטריבענע אידן.

ירושלים,
די קרוין פון ישראל האָט דיין שונא באַ׳גזל׳ט,
און צעטיילט און צעשניטן אויף צווייען דיין גוף.
ווי בלוט־דאָרשטיקע וועלף און משוגענע הינט,

האָבן שונאים געוואָיעט אויף דיר און געבילט.
אָ, מיין הייליקע שטאָט ירושלים,
ווען וועט שוין מקוים ווערן דיין אייביקער פרידן,
פאַר אַלע פעלקער און פאַר דיין פאָלק,
די אויסדערוויילטע אידן!..

ירושלים,
די קרוין פון ארץ ישראל,
דאָס צוגעזאָגטע לאַנד פאַר אַלע אידן,
איז צום פאָלק ישראל צוריק געגעבן,
און נאָר איין טייל, דאָס הייליקסטע,
דאָס אַלטע ירושלים,
איז נאָך אין קייטן געשמידט,
פון אַ "ירדן מלך" גאָר אַ נייעם,
אַ מלך פון אַן אומגעזעצליכער מלוכה,
פון עפּעס אַ בריטיש־צוגעטראַכטע מאַכערייקע,
אויסגעזויגן גלאַט פון פינגער אַ מערכה,
אָן אַ מקור און אָן אַ גרונט,
גלאַט אַ באָבע מעשה אַן אָנגעדרייטע,
אַ שטרייך מיט אַ פען, פון אַ בריטישער האַנט,
און געשענקט עבר הירדן צו אַראַבער פאַר אַ לאַנד.
אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ "ירדן מלוכה",
כאָטש אַזאַ איז ניט געווען אין קיין שום עפּאָכע.

איז אָט אויף דעם אויסגעטראַכטן "מלכות ירדן טראָן"
זיצט איצט דאָס מלך׳ל מיטן נאָמען חוסעין,
אַ זינדל פון אַ צעדרייטן טאַטן, אַ בולוואַן,
אַן אייניקל פון דעם "ערשטן ירדן קעניג אַבדולהאַ",
וואָס אין בריטנס "פּאַריען אָפּיס"
האָט ער "נושא חן" געווען,
פאַר זיינס אַ "שטיקל אַרבעט", אַ "געשעפטל" אין געהיים...
איז דאָס האָט ער, דער "ערשטער ירדן מלך",
דאָס אַלטע ירושלים אָפּגעריסן,
און צו זיין קעניגרייך עס צוגעשלאָסן,
ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק,
אין ניינצן פערציק אַכט,
ווען אַראַבער האָבן קעגן ישראל פאַרפירט אַ קריג,

אָנגעפאַלן אויף ישראל ווי גנבים אין מיטן נאַכט.

מער זאָגט אַ ווערטל: דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון בוים.
דאָס אייניקל, וואָס טראָגט דעם זיידנס קרוין,
דאָס קליינע בעטלערל, דאָס מלך׳ל חוסעין,
האָט אין זיינע אכזריות׳דיקע משוגעת׳ן און געשרייען,
איבערגעשטייגן ניט נאָר זיין זיידן,
נאָר אויך זיך אַליין.

ער איז אַן עקשן, אַן איינגעשפּאַרטער גולם,
און וויל ניט לעבן מיט ישראל אין שלום.
מע לעבט אין "שטיל־שטאַנד" אַנשטאָט אין פרידן,
אָ, גאָט, העלף ישראל און אַלע אידן!..

ירושלים,
עס לויערט איבער דיין שלום׳דיקער קרוין,
דער בייזער גייסט פון אַן "עם המות׳דיקער" מלחמה.
באַהיט אונדז גאָט פון אַ רשעות׳יסדיקער נקמה...
דאָס מלך׳ל חוסעין, דער גרויזאַמער באַריידער,
איז ניט מער ווי אַ געצייג, באַ נאַסער׳ן, זיין "ברודער"...
עס טוט דאָס קליינע מלך׳ל אינגאַנצן זיך באַנייען,
עס איז אים "מחיה־זיס", ווי אַ וואָרעם אין אַ טאָפּ כריין.
אַראַבישער קוילער־יונגען פון סירער סאָציאַליסטן,
באַוואָפנטע "על פאטאה" באַנדעס, ווי נאַציס און פאַשיסטן,
האָבן געפונען אַ נעסט, אין ירדן, מיטן מלך׳לס הסכמה
און פאַלן אָן אויף ישראל מיט בלוטיקער נקמה.

די "על פאַטאַה" באַנדעס האָבן געמאָרדעט אידן,
געשאָסן און געשאָכטן, און הייזער פיל פאַרברענט.
איז ביז וואַנען דולדן אומרעכט,
עס מוז דאָך אַ מאָל נעמען אַ סוף און אַן ענד!..
און דער שונא האָט אַלץ ניט אָפּגעלאָזט,
ער האָט נאָך מער אויף ישראל גערדיקט,
און אַלץ מער גע׳סטראַשעט מיט אַ פאַרניכטונגס קריג.
ישראל האָט זיך געבעטן: "לאָמיר לעבן אין פרידן!.."
האָט נאַסער אָפּגעענטפערט: "איך וועל אומברענגען אַלע אידן."

וואָס און ווער איז נאַסער? ער איז דאָך נאָר אַ מאַריאָנעט!
אַ שווינדלער און אַ דינער פון רוסישן "סאָוועט".

ער האָט אָפּגעזאָגט ישראל דאָס לעבן,
מיט אַ רוסיש־צוגעשטימטן "ניעט".
איז אויב דו חכם נאַסער, ווילסט אַ קריג און ניט אַ פרידן,
איז געדענק: עס לעבט נאָך אַלץ דער גאָט,
וואָס נעמט זיך אָן פאַר זיין פאָלק ישראל,
און פאַר זיינע פיל־געפּרוואווטע אידן!...

ירושלים,*
די נייע שטאָט, איז נאָר אַ האַלבע קרוין.
די צווייטע העלפט איז אויף יענער זייט שטאָט,
אין דער בראשית הייליקער אַלט־ירושלים,
וואָס שונא האָט געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט.
נו, אידן וועלן דערפאַר ניט גייען אין קריג,
ווייל געדולד איז די מעלה פון אַ יעדער איד...
עס בריט ניט. מיר וועלן וואַרטן. מע מוז דאָס פאַרשטייען:
"גם זו לטובה" און אַ דאַנק גאָט דערפאַר
אַבי נאָר שלום, וועט מען וואַרטן,
עס איז ניט קיין איילעניש און קיין געפאַר...
מע קען צואוואַרטן מיט אַלט ירושלים,
ביז משיח וועט קומען און די וועלט באַפרייען.
משיח וועט דעם בית המקדש אויפלעבן און באַנייען,
אין דעם אַלטן און דעם נייעם,
דעם איינציקן ירושלים.
אָבער דערווייל, מעגן, און קענען, אידן וואַרטן,
ניטאָ מער וואָס צו "ברייען."
עס קענען אפילו וואַרטן: בן גוריון און מנחם בעגין
לוי אשכול, אבא איבען, און "קריגס מיניסטער" משה דיין.

/אי, ווי דער בטלן'ער רבי,
וועט פון אַזעלכע גרוסן,
זיך באַלעקן און זיך פרייען.
ער וועט זאָגן צו זיינס אַ חסיד,
און זיך איבערנעמען:
דאָס זיינען ווערטער, קלאָרער אמת,
ווי פון מיינס אַ פּסוק אַרויסגענומען./

*) דאָס איז געשריבן ווען ירושלים איז געווען אונטער יאַרדנס קנעכטשאַפט.

ניין, ישראל וויל ניט קיין מלחמה,
ישראל וועט זיך ניט שלאָגן פֿאַר אַלט ירושלים,
עס וואָלט געווען אַ זאַך אַ קרומע,
אין אַוואַנטיורעס זיך פֿאַרדרייען.
ישראל איז דאָך ניט סיריע,
און ניט ירדן און ניט אַלזשיריע,
און אַוודאי ניט מצרים,
וואו נאַסער שפּילט אויף דער אַגרעסיווער לירע.
וואַרט ישראל...
אָבער ניט דאָס אומגעדולדיקע מצוּיים.
עמלק־נאַסער איז זיך איצט מחיה,
ער איז פֿאַר׳שכור׳ט פֿון די סאָוועטישע געוווער מתנות״.

אין אַ פּאָזע פֿון אַן אַראַבישן ״נאַפּאָליאָן״,
ער חלום׳ט פֿון נצחונות...
ער איז דאָך אַ ״הערשער״
איבער דרייצן אַראַבישע מדינות,
מיט אַ ״פֿאַרייניקטער״ אַראַבישער אַרמיי,
פֿון הונדערטער מיליאָנען.
די צייט איז ״רייף״ פֿאַר אַן אַגרעס׳יע,
קעגן ישראל אונטערצונעמען!
אָבער ווייסן ווייסט די וועלט:
מע איז נאַסער׳ן ניט מקנא,
ווייל ער איז נאָר אַ הינטל און ניט מער,
אין קרעמלין, דאָרט, באַ ״פֿאָניען״.

אַזאַ ווערטל איז צוגעפּאַסט פֿאַר ווינטער און פֿאַר זומער,
אַז ״פֿון פּוסטע פּעסער, איז דער ליאַרעם גרעסער״.
אַלע ווייסן דאָס גאַנץ גוט, נאָר ניט נאַסער דער באַרימטער.
נאַסער פּוסטער נאַסער, מיט זיין גרויסן מויל,
ער האָט זיך ווי אַ היטלער און אַ סטאַלין צערעוועט אויף אַ קויל:
״מאַרש, פֿאָרויס, ״וופּעריאָד!״, מיינע העלדישע סאָלדאַטן,
צעשיסט, פֿאַרברענט ישראל, מיט סאָוועטישע מיסלס און האַרמאַטן!...״
״אַך, גאָטעניו דערבאַרעמדיקער״, טוען אידן טרויערן,
די מצרים שטייען שוין מיט טויזנט טאַנקען,
באַ ישראל׳ס גרענעצן און טויערן...
מיט אַ פּויסט, אַ סאָוועטישן, געשטאַרקט,

האָט איצט נאַסער דעם אַקאַבאַ גאָלף פאַרשפּאַרט.
אויך סיריע, ירדן און איראַק,
מיט אַרמייען פיל אין צאָל,
האָבן פאַרוואָרפן אַ שווערן שטריק,
אויפן האַלדז פון לאַנד ישראל.
נו, דאַרפן אידן אַלץ נאָך וואַרטן,
ווי עס העצט ״פריינט״ דע גאָל?..
דאַרפן אידן זיך לאָזן שעכטן,
אַזוי ווי נאַסער וואָלט געוואָלט?
ניין, אַזוינס טאָר קיין מאָל ניט געשען!
עס וועט מער ניט זיין קיין אוישוויץ, טרעבלינקע און באַבי־יאַר.
עס וועט מער ניט זיין ״יענער״ געפאַר,
ווען מע האָט מענטשן־אידן, ווי שאָף, צו שחיטה געטריבן.
עס וועט לעבן ישראל, און עס וועלן לעבן אידן!..

ירושלים,
פון ישראל די קרוין.
אָ, גאָט, זאָל די זון פון אונדז ניט פאַרגיין.
עס שטייט דאָך, אין די ספרים, קלאָר געשריבן:
״לא אמות כי אחיה״, —
מיר טאָרן ניט שטאַרבן, מיר וועלן לעבן!
איז דאָך ווי באַלד אַזוי, — ניטאָ קיין ברירה.
עס איז ניט קיין ״אַגרעסיע״ און ניט קיין עברה
צו געבן אַן ערשטן שאָס,
ווען אַ שונא קומט דער ערשטער
מיט אַ רעוואָלווער צו דיין הויז.
אַזוי ווי דער ״קליינער״ דוד, האָט געוואָרפן אַ שטיין,
און דער׳הרגה׳ט דעם ״גרויסן״ גלית,
אָט אַזוי האָט אויך איצט אַ שטיין געוואָרפן,
דער היינטיקער איד.
און עס זיינען נסים ונפלאות ווידער מיט אונדז געשיין,
דאָס קליינע ישראל האָט איינע אַליין,
נאָר אין זעקס געציילטע טעג,
— אָן קיינעמס הילף, —
פאַרטריבן און צעשלאָגן:
די פילצאָליקע עמלק׳ס,
די אַראַבישע גדולים,

און די סאָוועטישע ישמעאלים.
און אויב עמיצער האָט ישראל יאָ געהאָלפן,
זיינען דאָס געווען:
אידן פון דער גאַנצער וועלט,
מיט זייערע צעווייטיקטע נשמות
און מיט זייער ביסל אָפּגעשפּאָרטן געלט.
עס האָבן אויך "געהאָלפן":
פרומע אידן אין די שטיבלעך און אין די שול'ן,
מיט זייער דאַוונען און לעגן תפילין,
מיט זייער גמרא לערנען און תהילים זאָגן,
מיט זייער געוויין,
אָוי, "שמע קולנו",
מיט זייער געבעט, אָוי, "אבינו מלכנו",
מיט זייער זיפצן און קרעכצן פון צער און פלאָג...
און אַזוי איז דאָס געווען:
עס האָט אויך ישראל געהאָלפן
דער אַלמעכטיקער גאָט!

אַזוי איז דאָס געווען,
אַזוי איז דאָס געשען,
און אַזוי איז דאָס פאַרשריבן:
"אין דעם חודש יוני,
פון דעם ניינצן הונדערט זעכציק זיבן,
האָבן ישראל'ס טעכטער און בנים,
די אַראַבישע אַרמייען פאַרטריבן,
צעשאָסן, צעשלאָגן און צעריבן..."
מע האָט פון דעם זיג קיין יום־טוב ניט געמאַכט,
ווייל יעדער איד האָט וועגן זיך געקלערט, געטראַכט:
"איך האָב אַן אַראַבער געשלאָגן, אַ מענטשן אומגעבראַכט..."
ניין, אַ איד איז ניט קיין גוי.
מע האָט אים אָנגעוואָרפן אַ קריג,
האָט ער זיך נאָר פאַרטיידיקט און געשלאָגן צוריק.
ניט געליאַרמט און ניט געטאַנצט,
נאָר באַשיידן און געייניקט,
זיינען אידן פון גאַנץ ישראל,
געגאַנגען קיין אַלט ירושלים,
וואָס איז צוריק פאַריייניקט.

ירושלים אַלט און ירושלים ניי,
ביידע טיילן איינס אויף סניי!..
צו דעם כותל מערבי איז מען צוגעפאַלן,
מיט אַ קוש און אַ געוויין, טרעטן צאַרטע קוואַלן.
מע האָט זיך מזל טוב געוואונטשעט,
און די הענט געדריקט,
סאָלדאַטן, סאַברעס, פרומע אידן,
און אפיקאָרסים אויך,
האָבן תפילה געטאָן באַם כתל,
געדאַוונט שטיל און הויך.
און צווישן גרויסן עולם,
באַ דער הייליקער וואַנט,
האָט זיך משה דיין באַלד באַוויזן,
מיט אַ ספר תורה אין דער האַנט.
פון זיין איינציק אויג האָט אַ טרער גערונען,
און ער האָט פרום געקושט דעם כתל,
אַזוי ווי איינער פון אַלע אידן,
און ניט ווי אַ גענעראַל, אַ מושל.
נו, קען דען זיין אַ איד אַן אַפּיקורירעס,
וואָס פירט זיך אויף, אַזוי ווי דיין משה?..
און לעבן משה דיין איז אַ רב געשטאַנען,
אַ רב, אַ גענעראַל.
ער האָט אַ שופר אין זיינע הענט געהאַלטן,
און אים באַלד צוגעלעגט צום מויל.
עס האָט אַ בלאָז און שאַל געטאָן דער שופר:
"תקיעה!.. טרו.. טו.. טו.. יעה!.."
און ווידער אַ שאָל, אַ בליץ און אַ דונער, אָן אויפער...
אַ הייליקער ציטער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק ישראל,
געהייליקט מיט שכינה, געשטאַרקט ווי אייזן און שטאָל.
ניט נאָר איין פאָלק, די צעזייטע און צעשפרייטע אידן,
זיינען באַ דעם כתל מערבי געשטאַנען,
נאָר די גאַנצע מענטשהייט, וואָס לעכצט נאָך פרידן,
געדוכט האָט זיך, זיינען דאָ פאַראַנען.
משה דיין האָט די ספר תורה אַ קוש געטאָן,
און אַ מענטש אַ פרעמדער, אַ באַזוכער פון יאַפּאַן
צי אפשר פון ענגלאַנד פון פראַנקרייך צי פון אַפגאַניסטאַן,

האָט אין דעם אויגן־בליק אַ קלער געטאָן:
"אַ פאָלק וואָס קושט אַ ספר און אַ תורה,
און וואָס קרוינט אַ שטאָט מיט שלום,
אַזאַ פאָלק איז אַליין אויך ווי אַ תורה הייליק,
אַזאַ פאָלק מוז געזיכערט זיין מיט פרידן,
עס מוז לעבן אַזאַ פאָלק,
און עס מוזן לעבן אַלע אידן!..



ירושלים,
די קרוין מיט שכינה־שיין און גאָלדענער זוניקייט,
צוריק געייניקט ביסטו, אָ, ירושלים, אין דיין פולער פּראַכט.
ביסט ווידער ווי אַן אַלטער בוים מיט באַנייטע צווייגן,
איז אפשר צייט צוריק בויען דעם בית המקדש,
אין זיין שטיין און גאָלד געקליידעטן טראַכט,
צי אפשר מוז מען נאָך אַ ביסל שווייגן און וואַרטן?...
אָבער איך, אַ פּראָסטער איד, רבּ צבי בן ישראל,
מעג דאָך אַ טרוים טאָן, וועגן דעם, אַ מאָל!..
און איך מעג אויך איבערדערציילן אַלץ, וואָס איז געשען.
לויט מיין שכל איז דאָס אַזוי געווען:
אַזוי ווי גאָט האָט אין זעקס טעג באַשאַפן די וועלט,
און אויפן זיבעטן גערוט,
אַזוי האָט אויך ישראל אין זעקס טעג באַזיגט דעם שונא,
און אויפן זיבעטן גערוט.
ווייל, אויב ניט אַזוי, נאָר אַנדערש, דאַן וואָלט איך דאָך,
מיט מיינע אויגן אַליין ניט געזען, ווי איבער גאַנץ ירושלים,
און איבער גאַנץ ישראל, האָט אַ קרוין מיט שכינה,
און גאָלדענער זוניקייט געשיינט און גערוט.
יהי רצון, גאָט, זאָל זיין דיין ווילן גענויגט זיין צו פרידן,
עס זאָל זיין שלום פאַר אַלע פעלקער און פאַר גאַנץ ישראל,
פאַר יעדער מענטש און פאַר יעדער אידן,
ונאמר אמן.

## דער אַנטיסעמיט

אַן אַנטיסעמיט איז אַן אָפּגעריסענער נאַר,
אַ משוגענער, אַן אָפּגעשטויסנדער
און אַ געפסולטער דערפאַר.

אַן אַנטיסעמיט טויג אויף שוואַרצע קויל,
וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד און פון פּוילן
און אויך פון אַנדערע ערטער.
האָט דער דיכטער געהערט.
נו, איז אַן אַנטיסעמיט אַן אָקס און אַ פערד



זיין אָרט איז ווי פאַר אַ פּגר
צו לעגן טיף אין דער ערד.

אַן אַנטיסעמיט זאָל ברענען און פוילן
ווי אָפּגעטראָגענע זוילן...
אַן אַנטיסעמיט האָט ניט קיין קאָפּ,
ער האָט נאָר אַ געשפּאָלטענעם טאָפּ.

ער איז אַ הוץ און אַ בוץ
און ער איז אַ גאָלע־גאָרניט,
וואָס טוט נאָר אַלץ וואָס איז שלעכט
און וואָס מע טאָר ניט!

אַן אַנטיסעמיט איז איינער,
אַ נול פון זיין פאָלק.
ער לעבט אָן אַ זינען און אָן אַ טאָלק.

אַן אַנטיסעמיט איז אַ פּאַיאַץ,
אַ קלאַון, אַ לעץ,
אַ פאַרקראָכענער, לא יוצלח,
אין אַ בלוטיקער נעץ.

אַן אַנטיסעמיט איז פאַרמשפּט צום טויט און צו שאַנד.
ער וועט ניט אויסמיידן די "נויט"
צו פּגרן ווי אַ משוגענער הונט.
דאָס וועט זיין די צאָלונג
פון אַן ערלעכער האַנט —
מע וועט דעם אַנטיסעמיט
צושטעלן, ווי אַ שאַנד
צו אַ טויט־געשטראָפטער וואַנט.

# ווענט האָבן אויערן
## אַ ביראָבידזשאַנער טראַגי־קאָמעדיע



אַז ווענט האָבן אויערן האָב איך זיך דערוואוסט נאָך דעם קריג, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן מיר און מיינע "פריינט" פון דער ביראָבידזשאַנער אידישער שרייבער גרופּע, וועלכע איך האָב איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ ליאַמע, אַ שטיקל שמחהלע, לכבוד דאָס באַקומען, דער ערשטער, פון אַלע שרייבער, אַ נייע דירה אין דעם שרייבער־הויז, וואָס מע האַלט ערשט ביים פאַרענדיקן צו בויען.

פאַרוואָס איך האָב באַקומען דער ערשטער אַ דירה, איז טאַקע ניט געווען ווייל איך בין דער בעסטער שרייבער, אָדער ווייל איך לעב לענגער פון די אַנדערע אין ביראָבידזשאַן. אָ, ניין! עס איז געווען אַן אַנדערע סבה... און וועגן דעם וועל איך ווייטער אַ ביסל דערציילן.

מע איז געזעסן אַרום טיש וועלכער איז געווען באַשטעלט פון אַלע גוטע סאָוועטישע־רוסישע עסנס. הייסע, ערשט אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל. טעלערלעך מיט שטיקלעך מאַרגאַרין, טעלערלעך מיט זויערע הוגערקעלעך, אַ לעבל ברויט און צוויי פלעשער אמתער 96 גראַדער וואָדקאָ. מע איז געווען פריילעך און אויפגעלעגט. מע האָט אַ ביסל געשמועסט וועגן ליטעראַטור. מע האָט געזונגען אַ פּאָר סאָלדאַטישע, רויט־אַרמייער, לידעלעך און מע האָט גערעדט וועגן מיין דירה.

"אַ שיינע דירה !..

"די שענסטע פון אַלע אַכט דירות, אין דעם שרייבער הויז.

"פאַרוואָס די שענסטע ? אַלע דירות זיינען דאָ די זעלבע: אַ זאַל, אַ שלאָף־צימער און אַ קיך."

"העה" האָט איינער אויסגערופן "אָבער די אָ דירה איז מיט אַ פענצטער צום בירא־טייך. און נאָך מיט אַ באַלקאָן צו דער גאַס !"

איך האָב דערפילט, אַז מע איז מיר מקנא, אַז מע פאַרגינט מיר ניט...

און טאַקע צו מאָרגנס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריג צווישן מיר און עטליכע אַנדערע שרייבער פון דער גרופּע.

עס האָט זיך געהאַנדלט, אַז ניט מיר האָט געקומען די אָ "שענסטע" דירה נאָר זיי... ווייל... זיי זיינען בעסערע, גרעסערע און טאַלענטירטערע שרייבער ווי איך. מע האָט דאָס געדאַרפט נעמען אין אַכט... דערפאַר טאַקע מוז איך אַראָפּציען זיך צום ערשטן שטאָק, אין אַ דירה אַוואו די פענצטער גייען אַרויס ערגעץ צו אַ וואַנט פון אַ קריסטלעכן שכן, וואָס האָט אַ צעקרימטע אַלטע הייזקע מיט שטאָל וואו ער אַלט זיין קו און פאַרקויפט מילך צו אַ פּאָר שכנים.

די קריג צווישן די צוויי אָדער דריי שרייבער און מיר און מיין כאַווערטע / אַזוי האָט מען דאַן, אין סאָוועטן־לאַנד, גערופן דאָס ווייב: כאַווערטע/. האָט זיך אַ ביסל צעפלאַקערט און עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז אין דער רוסישער ביראָבידזשאַנער צייטונג "ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוויעזדאַ" איז געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקעלע וועגן מיר, אַז איך בין אַ שכור און אַן אַנטי־סאָוועטישער און אַנטי־געזעלשאַפטלעכער מענטש. און עפּעס וועגן ניט עטישקייט איז אויך געווען צוגעגעבן... אונטערגעשריבן איז געווען: אַ גרופּע ב.ב. שרייבער.

די רעטעניש איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער אָ צוגעטראַכטער פּאַשקוויל איז געווען געדרוקט נאָר אין דער רוסישער צייטונג און ניט אין דער אידישער ניט אין דעם "ביראָבידזשאַנער שטערן". פאַרוואָס? איז דאָס דערפאַר וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער אידישער צייטונג האָט געוואוסט, אַז אַלץ איז אַ ליגן, צי דערפאַר וואָס דער רעדאַקטער פון דער רוסישער צייטונג האָט געגלויבט די ליגנערס?...

יעדנפאַלס. ווי גייט דאָס ווערטל: וועגנט האָבן אויערן...

יאָ, וועגנט האָבן טאַקע אויערן. די זאַך איז דערגאַן צו דער ג.פּ.או. / דער ביראָבידזשאַנער געהיים פּאָליציי/ און... מע האָט מיך אַ נעם געטאָן...

**אַ הויז צום וואוינען פאַר שרייבער אין ביראָבידזשאַן**

אַ גליק האָט אונז געטראָפן. מע בויעט שוין אַ הויז פאַר די שרייבער, וואָס ווילן זיך באַזעצן אין ביראָבידזשאַן. קיין סך שרייבער האָבן זיך טאַקע ניט באַזעצט אין ביראָבידזשאַן. ניט בערגעלסאָן, ניט פעפער און ניט עמיצער אַנדערש פון די גרויסע העכטן... פון מאָסקווע קיין ביראָבידזשאַן צו פאָרן מיטן שנעל־צוג / מיט קיין עראָפּלאַנען איז מען נאָך דאַן ניט געפלויגן / האָט גענומען צען טעג. צען טעג האָט מען אויך פאַרבראַכט אין ביראָבידזשאַן. דערנאָך איז מען צען טעג צוריק געפאָרן. און אַזוי אָ האָט מען געפּאַטערט אַ חודש. דערנאָך, באַ זיך אין דער היים, אין מאָסקווע, אין קיעוו צי אין מינסק, האָט מען אויסגעפּאַנטאַזירט אַ מין ביראָבידזשאַן וואָס אין דער ווירקלעכקייט

האָט גאָר אַזאַ ניט עקזעסטירט. באַ בערגעלסאָנען זיינען די פיש פון טייך בירא געשטאַנען אין אַן אָטשערעט און זיך נעבעך געבעטן: **כאַפּט אונדז!**

אין ביראָבידזשאַן האָבן דאַן געלעבט אַרום צוואַנציק יונגע אידישע סאָוועטישע שרייבער. אָבער ניט אַלע האָבן געהאַט וואו צו וואוינען. מע האָט זיך מאַמעש געוואַלגערט וואו נאָר עס האָט זיך געמאַכט... די ביראָבידזשאַנער אַדמיניסטראַציע האָט באַשטימט צו בויען אַ הויז פאַר די שרייבער. נו, איז דאָך גוט?.. ניין!.. ווייל גראָד מיט דעם אויסבויען דאָס הויז האָט פּאַסירט דאָס וואָס איך גיי אייך איצט דערציילן.

צו דער גרופּע ביראָבידזשאַנער שרייבער איז פון מאָסקווע געשיקט געוואָרן דער "עמעס" שרייבער י. ראבין. לויט זיין כאַראַקטער איז ראבין געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט ניט געבלאָזן פון זיך און זיך געהאַלטן חבריש מיט יעדער מיטגלידער פון דער שרייבער גרופּע. נאָר מיט צוויי מענטשן האָט ער ניט געהויזט, מיט דעם ניט־איד, דען ווייס־רוס גריגאָרי קאָבעץ. און אויך יאָשא יאָסינסקי — דער רוסישער רעפּאָרטער "אַ איד" וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין אַמעריקע און ביי אָנהויב פון דער רעוואָלוציע געקומען צוריק קיין רוסלאַנד.

בוזי אָלעווסקי איז געווען אַ פיינער דיכטער, כאָטש ניט פון די בעסטע, אָבער אַ זייער באַליבטער ביי אַלעמען. מע האָט אים באַטראַכט ווי דאָס קליינשטעדלדיקע בן־יחיד׳ל, ווייל ער איז געווען אַ קלייוואוקסיקער, אַ שטיפלינקער, אַ שמייכלדיקער און אַ "גוטינקער". ער האָט זיך צו יעדער איינעם געכאַנפעט און מע האָט פאַר עפּעס, וואָס איז אומבאַגרייפלעך, אים שטאַרק געקעכלט... באַ זיינע 30 יאָר, האָט ער אויסגעקוקט ווי אַן 18 יאָריק בחורל, און עס האָט געהאַט דערשינען אין ביראָבידזשאַן אַ ליטעראַרישער אידישער זשורנאַל "פאָרפּאָסט", וואָס האָט ניט געהאַט קיין שטענדיקן רעדאַקטער, נו האָט מען אים געשיקט קיין ביראָבידזשאַן כדי ער זאָל דאָס זיין דער "רעדאַקטער". ווי מיר דאַכט איז ער נאָך דאַן קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ניט געווען, נאָר ער איז, כאָטש אַ פּאַרעלטערטער, נאָך פאַרבליבן ווי אַ מיטגליד פון די יונגע קאָמוניסטן, דעם "קאָמסאָמאָל". ער האָט זיך אויפגעפירט ווי זיין טאַטנס איינציק זינדל, גלייך ווי אַלץ קומט אים און וואָס אים גלוסט מוז מען אים געבן, און איך ווייס ניט פאַרוואָס מע האָט אים טאַקע אַלץ נאָכגעגעבן?...

קליטייניק / איך געדענק ניט זיין ערשטן נאָמען / איז געווען אַ קריטיקער פון דער אידישער ליטעראַטור, גאָר נישט קיין וואָזשנער קריטיקער, אַ סימן: ער האָט זיינע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען געשריבן צוזאַמען מיט עפּעס אַ דאַמע /אויך איר נאָמען געדענק איך ניט/ ווען ער איז געקומען קיין ביראָבידזשאַן, אָן דער דאַמע, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע עסייען איינער אַליין. דאָס זיינען געווען טרוקענע, ניט קיין באַטאַמטע שרייבערכצן,

כאָטש נעם און געב צו אַ ביסעלע זאַלץ און פעפער כדי זיי זאָלן האָבן עפּעס אַ געשמאַק. קען זיין אַז ער האָט זיך באַזעצט אין ביראָבידזשאַן כדי ער זאָל דאָ ווערן דער איינציקער ליטעראַרישער קריטיקער... יעדנפאַלס, ער האָט זיך באַזעצט אין ביראָבידזשאַן. אַלס מענטש איז ער געווען אַ פּאַרוווער, ניט אַהין און ניט אַהער. געכאַוועורט האָט ער זיך נאָר מיט די "בעסטע" פון דער ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופּע, מיט ראַבינען און מיט אָלעווסקין.

נאָטקע ווײַנהויז איז אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, געווען אין מינסק דער רעדאַקטאָר פון אַ קינדער זשורנאַל. שפּעטער איז ער געוואָרן דער דירעקטאָר פון די אידישע פּראָגראַמען אין דער מינסקער ראַדיאָ סטאַנציע. ער האָט אויסגענוצט באַ די אידישע שרייבער מיט דעם, וואָס ער האָט יעדער שרייבער און דיכטער צו געשאַרט אַ פּאַרדינסטל, אַ ביסעלע פּרנסה אין זיינע אידישע פּראָגראַמען. ער איז געווען אַ ביסעלע אַ פּעטליכער און צו יונג אַ גרויליכער, כאָטש ער האָט זיך ניט געהאַט פון וואָס צו זאָרגן, סיידן די זאָרג וואָס אין מינסק, אַוואו די רעגירונגס שפּראַך איז ווייס־רוסיש האָט אַזאַ "איד" און קאָמוניסט, ווי ער איז געווען, ניט געקענט דערגרעכן קיין גרעסערן פּאָסטן, קיין בעסערע קאַריערע ווי נאָר שוין צו פאַרבלייבן אויף זיין גאַנץ לעבן דער דירעקטאָר פון די אידישע פּראָגראַמען באַ דער ווייסרוסישער ראַדיאָ סטאַנציע. ווען איך האָב אַ פּאָר מאָל באַזוכט מינסק צוליב פּאַרלעגערישע ענינים, (ווייל אין ביראָבידזשאַן איז קיין פּאַרלאַג אויף אַרויסצולאָזן ביכער ניט געווען. און אויך איצט ניט פאַראַן), האָט ווײַנהויז זיך פּאַר מיר באַקלאָגט אויף זיין "ביטערער דאָליע", נעמלעך, אַז דאָ אין מינסק קען ער ניט וואַקסן און אַז ער קלייבט זיך צו באַזעצן אין ביראָבידזשאַן אַוואו ער וועט האָבן אַ מיגליכקייט צו דערגרייכן אפילו אַזאַ הויכע קאַריערע ווי צו ווערן דער סעקרעטאַר פון דער ביראָבידזשאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָדער דער פּאָרזיצער פון דעם ביראָבידזשאַנער געגנטליכן אויספירליכן קאָמיטעט / די ביראָבידזשאַנער רעגירונגס אַדמיניסטראַציע/. איז אָט, מיט דעם אָ יחוס, איז ער עס געוואָרן אַ בכבודיקער מיטגליד פון דער ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופּע.

הערשל דאָבין, אַן אָנגעבייזערטער אויף דער גאַנצער וועלט, איז ניט געווען קיין זייער פּראָדוקטיווער שרייבער. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן פּאַר אַ גרויסן קינסטלער און יעדער אַנדערן שרייבער געהאַלטן פּאַר אַ גאָרניט. אין זיינע יונגערע יאָרן איז ער געווען אַ שוסטער און ער האָט אויך באַלאַנגט צו דער יוגנט אָרגאַניזאַציע פון פּועלי ציון. די רוסישע שפּראַך האָט ער ניט גוט געקענט. דערצי איז ער געווען אַ פּאַרהאַקשנטער מענטש. ער האָט אַ־שטייגער וועגן זיין אַמאָליקער געהעריקייט צום "פּועלי ציון" געזאָגט, און אויך געשריבן אין די אַנקעטן, אַז ער האָט אַמאָל באַלאַנגט צו דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי "פּועלי ציון".

איינמאָל האָט פאַסירט מיט אים און מיר אַזאַ קוריאָז: מע האָט אונדז ביידע, ווי די עלטסטע תושבים פון ביראָבידזשאַן אין דער שרייבער גרופּע, באַלוינט מיט אַ חודשליכן שעפערישן אורלויב / "טוואָרטשעסקי אָטפּוסק" האָט עס געהייסן אין רוסיש/. גראָד דאָס איז איינער פון בעסטע און נוצליכע אויפטועץ פון דעם פאַריין פון סאָוועטישע שרייבער. מע גיט יונגע שרייבער אַ מיגליכקייט, אויפן חשבון פון שרייבער פאַריין, פאַר אַ חודש צייט צו פאָרן אַוואו נאָר מע וויל, איבער גאַנצן סאָוועטן רוסלאַנד, און עפּעס לערנען פון דער רייזע. זיינען מיר ביידע געקומען קיין כאַבאַראָווסק /צו דער העכערער שרייבער דיסטאַנץ צו וועלכער אונדזער ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופּע האָט זיך אונטערגעוואָרפן/ כדי דאָרט צו באַקומען דאָס געלט און אויך די פּאַפּירן וואָס זאָלן באַשטעטיקן אַז מע דערלויבט אונדז, ווי סאָוועטישע שרייבער, צו פאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד. דערביי האָט מען אָבער געמוזט אויספילן ספּעציעלע אַנקעטן. און מע האָט געמוזט ענטפערן אויף אַזעלכע דעליקאַטע פראַגן ווי: 1/ דיין סאָציאַלע אָנגעהעריקייט. 2/ ביסטו אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי? 3/ האָסטו אַמאָל באַלאַנגט צו אַן אַנדער פּאַרטיי?

איך האָב געענטפערט אויף אַלע דריי פראַגן אַזוי: מיין פאָטער איז געווען אַן אַרבייטער /און דאָס איז געווען אַן אמת. מיין שטיף־פאָטער איז טאַקע געווען אַן אַרבעטער. אָבער מיין אמתער פאָטער וועלכער האָט שוין דאַן געלעבט אין אַמעריקע איז געווען אַ רב, אַ קלעריקאַל און אַ "קאַפּיטאַליסט". דאָס האָב איך פאַרשוויגן. ווייל ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, אַלס אַ 16יאָריק אינגל, געוועןן אַרעסטירט פאַר שיקן אַ ניט "פיינע" בריוו צו מיין טאַטן אין אַמעריקע, האָט מיר דער הויפּט פון דער געהיים פּאָליציי אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וויל בלייבן לעבן מוז איך זיין אַ גוטער קאָמוניסט. איך מוז פאַרגעסן אין מיין טאַטן פון אַמעריקע, וועלכער האָט מיר נאָר באַשאַפן. פון איצט אָן דאַרף איך אָנגעבן, אַז מיין טאַטע איז דער מענטש וועלכער האָט מיך דערצויגן, מיין שטיף טאַטע, דער א פּראָסטער אַרבעטער./

אויף דער צווייטער פראַגע האָב איך געשריבן, אַז איך בין נאָר אַ קאָמסאָמאָלעץ און ניט קיין פּאַרטיי מיטגליד. אויף דער דריטער פראַגע האָב איך געשריבן: ניין, איך האָב קיין מאָל ניט באַלאַנגט צו קיין אַנדער פּאַרטיי. און דאָס איז געווען דער ריינער אמת.

אָבער דער טפּש, הערשל דאָבין, האָט אויף די ערשטע צוויי פראַגן געענטפערט אַביסל צופרידנשטעלעג, אָבער אויף דער דריטער פראַגע האָט ער געענטפערט אַזוי: איידער איך בין אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער גלאָרייכער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָב איך באַלאַנגט צו אַ אידישער קאָנטער רעוואָלוציאָנערער יוגנט־אָרגאַניזאַציע "פּועלי ציון."

און אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט קיין גוט־גראַמאַטישן רוסיש, האָט ער מיר געגעבן איבער־צו־לייענען זיין אויסגעשטעלטע אַנקעטע. איך האָב אַ קוק

געטאָן און עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן... איך האָב אַ שטילע זשיפּע געטאָן: "דו אומגליקליכער שוטה, צוליב וואָס דאַרפסטו אַליין צוגעבן, אַז דיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער די ביסט מיט פיל יאָרן צוריק געווען אַ מידגליד, איז גאָר געווען אַ "קאָנטער רעוואָלוציאָנערע?.." נעם שוין, און צערייס די אַנקעטע און מאַך אויס אַן אַנדערע!.." אָבער דער שוואַכזיניקער הערשל דאָבין האָט מיך ניט געפאָלגט. ער האָט זיך גאָר אויף מיר צעשריגן: "אַוודאי איז "פועלי ציון" געווען אַ קאָנטער רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי!.." און אַ באַרויגעזער אויף מיר איז ער אַוועק צום סעקרעטאַר פון דעם כאַבאַראָווסקער פאַריין פון די סאָוועטישע שרייבער און אים אָפּגעגעבן די אָ אַנקעטע, אין וועלכער ער האָט זיך אַליין געשעדיקט...

מיר האָבן גענומען דאָס געלט און אויך אונדזערע "קאָמאַנדיראָווקעס", די רייזע־פּאַפּירן, און מיר זיינען צוזאַמען צוריקגעפאָרן קיין ביראָבידזשאַן. אַוואו דאָבין האָט אויסגענוצט זיין "שעפערישן אורלויב" ווייס איך ניט. איך אָבער האָב געהערט וועגן עפּעס אַ שטיק לאַנד אין די העכסטע בערג אין דער וועלט, די הימעליאַער בערג, און דאָס לאַנד פון די בערג וואָס האָט געהייסן פּאַמיר און מע האָט עס גערופן "דער דאַך פון דער וועלט", האָט געהערט צו רוסלאַנד.. דאָס האָט מיר שטאַרק פאַרינטערעסירט. נו, האָב איך גענומען מיין בלאָנדע כאַווערטע און בין מיט איר אַוועקגעפאָרן אָנצוקוקן דעם וואונדער: "פּאַמיר — דער דאַך פון דער וועלט."

בוזי מיללער איז אַ שטילער, אַ סאָלידער און אַ געבילדעטער מענטש. אַלס שרייבער האָט ער זיך צו יענער צייט אַרויסגעוויזן ווי אַ געשליפענער מעשהלעך־דערציילער. ער לעבט נאָך ביז איצט אין ביראָבידזשאַן. צי ער האָט אויך אַרויסגעגעבן גרעסערע ווערק, ווייס איך ניט.. אויסער זיין אַ לערער און אַ שרייבער איז ער אויך געווען אַ גוטער רעדנער, אין רוסיש נאָך בעסער ווי אין אידיש. ער איז געווען אַ פריינטליכער מענטש און געלעבט גוט מיט אַלעמען.

ראַבינקאָוו, אַ אידישער לערער און שרייבער /צום באַדויערן געדענק איך ניט זיין ערשטן נאָמען./ האָט זיך געהאַלטן אַ ביסל דערווייטערט פון דער שרייבער גרופּע. פאַרוואָס? איך געדענק שוין ניט פאַרוואָס!... מיט מיר איז ער געווען זעייער פריינטלעך און חהויש.

עמאַ קאָזאַקעוויטש האָט זיך באַזעצט אין ביראָבידזשאַן אָן גרויסן חשק... ער האָט דאָס מער געטאָן צוליב דעם אָנדענק פון זיין "גרויסן" טאַטן, דעם געוועזענעם רעדאַקטער פון "ביראָבידזשאַנער שטערן." ער האָט זיך באַזעצט מיט אַ ווייב און צווי קינדער. איך ווייס ניט צי זי איז געווען אַ גרוסישע אָדער אַן אַסימילירטע אידישקע. איך ווייס נאָר, אַז מיט איר און מיט די קינדער האָט ער גערעדט נאָר רוסיש. ער האָט געשריבן איןביידע שפּראַכן אין רוסיש און אין אידיש. מיר דוכט, אַז זיין אידיש שרייבן איז געווען נאָר לפנים, צוליב זיין טאַטן דעם "אידישיסט." ווייל אַלץ וואָס ער האָט געשריבן אין רוסיש איז

געוועזן גוט און אפילו גלענצלעך־פּערפעקט. אָבער דאָס וואָס ער האָט געשריבן אין אידיש, אין זיינע פּאָמעס און דערציילונגען, דאָס אַלץ איז געווען אויבערפלעכלעך. מע האָט געוואוסט, אַז לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש, סטאַלינס נאָענסטער פריינט און אַרויסהעלפער, איז אַ קרוב פון די קאַזאַקעוויטשעס, און דאָס האָט צוגעגעבן גרויס רעספּעקט צו עמען. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט קריג, איז עמאַ געווען אויפן פראָנט און האָט געדינט אין אַן אויסשפּיר אָפּטיילונג פון אַן אַרמיי־שטאַב, אין דעם ראַנג אַלס קאַפּיטאַן. ער האָט באַקומען אַ סך אויסצעכענונגען, מעדאַלן און אָרדנס. מיר דאַכט אַז אפילו דעם אָרדן פון דעם היסטאָריש אוקראַינישן פּאָגראָמטשיק, באָגדאַן כמעלניצקי. איך זעלבסט האָב אויך געדינט אין אַן אויסשפּיר־אָפּטייל פון אַ שטאַב פון אַן אַנדער אַרמיי. מיין ראַנג איז נאָר געווען: לייטענאַנט און מיינע פאַרדייניסטן האָבן מיר געגעבן ניט מער ווי דריי מעדאַלן. איך האָב זיך זייער געהיט צו באַקומען אַ העכערן ראַנג, כדי מע זאָל מיך נאָך דער מלחמה, אויב איך וועל בלייבן לעבן, ניט פאַרהאַלטן אויף שטענדיק אין דער אַרמיי. איך האָב זיך אויך געהיט ניט באַלוינט צו ווערן מער מיט קיין "בלעכענע צאַצקעס", כדי מע זאָל מיך חלילה ניט באַלוינען אויך מיטן אָרדן פון דעם אוקראַינישן רשע באָגדאַן כמעלניצקע. נאָך דער קריג האָט עמאַ קאָזאַקעוויטש אַ קראַנקער פאַרלאָזט די רויטע אַרמיי און זיך באַזעצט אין מאָסקווע. ער האָט אָנגעשריבן אַ גוטן ראָמאַן און האָט דערפאַר באַקומען אַ סטאַלין־פּרעמיע. (קלאַנגען זיינען אומגעגאַנגען, אַז די אויסצייכענונג האָט ער באַקומען אַדאַנק לאַזאַר קאַגענאָוויטשעס שטאַדלאָנעס באַ סטאַלינען). ליידער איז ער זייער יונג אַוועק פון דער וועלט.

באָרזשעס /מיר דאַכט, אַז זיין ערשטער נאָמען איז געווען סעלוואַדאָר./ איז אַוועק פון בראַזיל, אַוואו ער איז געווען אַ אידישער שרייבער און זשורנאַליסט. ער האָט געוואוינט מיט אַ ווייב און אַ קינד אין אַ שיינער דירה און דערפאַר האָט ער זיך נישט אינטערעסירט צו באַקומען אַ דירה אין דעם נייעם הויז, וואָס מע האָט אויסגעבויט ספּעציעל פאַר די ב.ב. שרייבער. פון וואָס ער האָט אין ביראָבידזשאַן געמאַכט אַ לעבן געדענק איך ניט. ער האָט דאָך ניט געאַרבעט ניט אין דער היגער צייטונג, ניט אין דער ראַדיאָ און ניט אין אַ אידישער שול. פון זיינע שרייבערייען און די פּאָר ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט, האָט ער זיך באַוויזן פאַר אַ קאָרעקטן און זאָגאַר אפילו גוטן שרייבער. פאַרוואָס מע האָט פון אים ניט געהאַלטן איז מיר איצט שווער צו זאָגן. איך ווייס נאָר, אַז ער האָט זיך אַמאָל באַנאַרישט מיט באַווייזן אַ פּעקל פאָטאָגראַפיס פון אַ נאַקעט־קעמפ ערגעץ אין אויסלאַנד, אַוווּ ער איז געשטאַנען, דווקא אַן אָנגעטאָנענער, אַרומגערינגלט מיט אַ טוץ נאַקעטע פרויען און מענער און מיט אַ רויטער פאָן. דאָס איז דער געהיים פּאָליציי ניט געפעלן געוואָרן און מע האָט אים אַרעסטירט אויף אַ קורצער צייט.

ליובע וואַסערמאַן איז געווען די איינציקע פּרוי וועלכע האָט געשריבן אין אידיש נישקאָשעדיקע דערציילונגען. זי איז געקומען פון דעם "נאַנציאָנאַל-שאָוועניסטישן" פּאַלאַסטינע כדי צו בויען אַ יידיש סאָציאַליסטישן בירא־בידזשאַן, אַזוי האָט זי זיך אויסגעדריקט. איר מאַן איז געווען אַן אַקטיאָר פון דעם בירא־בידזשאַנער אידישן מלחה טעאַטער /וועלכער ווי מיר איז באַקאַנט עקזעסטירט מער ניט/. אויף די פאַרזאַמלונגען האָט זי קיין מאָל קיין וואָרט ניט גענומען. אָבער נאָך די פאַרזאַמלונגען פון די שרייבער האָט זי ליב געהאַט איינציקווייז צו באַאַרבעטן דעם אָדער יענעם שרייבער, אַז מע דאַרף טאָן "דאָס און דאָס" און "אַזוי און אַזוי"...

יאָ, געווען נאָך איין פרוי וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט שרייבן מערסטנס לירישע קינדער לידער. אַ פּאָר פון אירע לידער זיינען געווען געדרוקט אין אַ פּאָר זשורנאַלן און איין ליד איז געווען געדרוקט אין דער רוסישער ציַיטונג "בירא־בידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ". צום באַדויערן האָט זי ניט געקענט קיין אידיש. זי האָט גערעדט און געשריבן נאָר רוסיש. און זי איז געווען מיין כאַווערטע און די מאַמע פון מיין קינד.. זי האָט קיינמאָל די שרייבערישע פאַרזאַמלונגען ניט באַזוכט, כאָטש זי האָ זיך ניט געפילט פרעמד אין אַ אידישער סביבה ווייל זי האָט גוט פאַרשטאַנען אידיש.

גריגאָרי קאָבעץ איז ניט געווען קיין איד. ער איז געווען אַ ווייסרוס. ער האָט אָבער געשריבן ניט אין דער ווייס־רוסישער שפּראַך נאָר אין רוסיש. ער איז געווען אַ שרייבער פון טעאַטער פּיעסן און פון סצענאַרעס פאַר פילמס. זיין באַוואוסטער און גוט באַקאַנטער פילם האָט געהייסן "יעווריייסקיע סשטיאַסטי" (אידישע גליקן) און דאָס איז געווען אַ בילד וועגן בירא־בעדזשאַן. פאַר זיין טאַלאַנטירטער, ליטעראַריש־אַרטיסטישע אַרבעטן, האָט ער באַקומען דעם טיטל: **פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון דער ווייס־רוסיש סאָוועטישער רעפּובליק.**" פאַרוואָס האָט אַ רוסישער שרייבער מיט אַזאַ פאַרדינסטפולן טיטל זיך באַדאַרפט באַזעצן אין בירא־בידזשאַן?.. דערויף איז פאַראַן אַ טרויעריק קאַפּיטל אין זיין לעבן, אַ מין פלעק, וואָס ער האָט געוואַשט און קיינמאָל אָפּוואַשן פון זיך ניט געקענט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס מאַקסים גאָרקי האָט צו אים פערזענלעך געשריבן אַ בריוו און אים געטרייסט...

געשען מיט קאָבעצן איז אָט וואָס: אין צייט פון דער בירגער קריג, אין די יאָרן צווישן 1918־1920, איידער די סאָוועטיש־קאָמוניסטישע מאַכט האָט זיך שוין עסטאַבלישט אויף שטענדיק, האָבן אַלערליי באַנדעס, געגנער פון דעם באָלשיוויזים אין אוקראינע און אין ווייסרוסלאַנד, געמאַכט פּאָגראָמען אויף אידן אין די אידישע שטעטלעך. ער, גריגאָרי קאָבעץ, דאַן אַן 18־יאָריקער שייגעץ, איז צו־געשטאַנען צו איינער פון די באַנדע פּאָגראָמשטיקעס, צו די טרויעריק באַרימטע "באַלאָכאָווצעס." קורץ: ער האָט איינטייל גענומען אין אַ

פּאָגראָם אויף אידן. אָבער באַלד, נאָך דעם איינציקן פּאָגראָם אויף אידן, אין וועלכן ער האָט איינטייל גענומען, האָט ער חרטה באַקומען און אַנטלאָפן פון דער באַנדע און זיך באַזעצט אין מאָסקווע. דאָרט האָט ער זיך אויך געטראָפן מיט מאַקסים גאָרקין און אים דערציילט וועגן זיין חטא, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן די אידן. מאַקסים גאָרקי האָט אים גע־עצה'ט אַז ער זאָל זעען צו טאָן גוטע אַרבעט לטובת די אידן און אויב עס איז מיגלעך זאָל ער אפילו חתונה האָבן מיט אַ אידיש מיידל און אַזוי אַרום אויסקויפן זיין זינד.

קאָבעץ האָט טאַקע אַזוי געטאָן. און ווען ביראָבידזשאַן איז עסטאַבלישעט געוואָרן איז ער אַהין אַוועק מיט זיין פאַמיליע קיין ביראָבידזשאַן און זיך דאָרט באַזעצט און געהאָלפן מיט זיין טאַלאַנט צו בויען די אידישע אווטאָנאָמע געגנט. אָבער באַ דער שרייבער־גרופּע פון ביראָבידזשאַן איז ער נאָך אַלץ פאַררעכנט געווען ווי "דער פּאָגראָמטשיק". איך האָב זיך באַצויגן פריינטלעך צו אים. איך האָב פאַרשטאַנען אַז אַ מענטש אין זיינע אינגלישע יאָרן קען מאַכן פעלערן און מע דאַרף זיינע יוגנט־זינד פאַרגעבן.



ספּעציעל האָט זיך גריגאָרי קאָבעץ דערנעענט צו מיר צוליב מיין כאַווערטע, וועלכע האָט געשריבן רוסישע, לירישע קינדער לידער. זי איז געווען אַ גוט־האַרציקע, אַ יונגע און אַ שיינע און זי האָט ליב געהאַט מענטשן. ער האָט אונדז באַזוכט זייער אָפט און מיר האָבן אים באַזוכט אויך זייער אָפט אין זיין שיינער וואוינונג. און דאָך ווען מע האָט אויסגעבויעט אַ הויז פאַר די ביראָבידזשאַנער שרייבער האָט ער געוואָלט באַקומען אַן אַפּאַרטמענט אין דעם נייעם שרייבער הויז כדי צו וואוינען צוזאַמען מיט אידישע שרייבער. אָבער יוסף ראבין האָט אים אַזוי פיינט געהאַט, אַז ער האָט אַ געשריי געטאָן "ניעט ! דו, קאָבעץ וועסט צווישן אונדז אידישע שרייבער צוזאַמען ניט לעבן. דאָס וועט ניט געשען אַזוי לאַנג ווי איך בין דער פאָרזיצער !" גריגאָרי קאָבעץ איז אַוועק אַ צע־כעס־טער און אויסגעשריגן: "ראבין דו ביסט אַ אידישער נאַציאָליסט. נאָך מער ביסט אַ אידישער שאָוועניסט !" און ער איז אַוועק און מער קיין שום געמיינזאַמשאַפט ניט געוואָלט האָבן מיט דער אידישער שרייבער־גרופּע אין ביראָבידזשאַן. ער האָט שפּעטער אָנגעהויבן צו ביסלעך אונטער צו שכורן...*)

### די טראַגי־קאָמעדי מיטן ביראָבידזשאַנער הויז פאַר שרייבער

איך בין געקומען קיין ביראָבידזשאַן אין 1932־טן יאָר. אָבער נאָכן אָפּזיין צוויי יאָר האָב איך געמוזט זיך אומקערן צוריק קיין אָדעס צוליב קאָמפּליצירטע פערזענלעכע און פאַמיליען סיבות, וואָס געהערן ניט צו דער איצטיקער טעמע. צוריק געקומען בין איך אין 1935־טן יאָר. דער אָנגעלאָף פון אידן איז געווען

אַזוי גרויס, אַז מע האָט זיך ממש געוואַלגערט אין די גאַסן, ווייל אפילו די שמוציקע באַראַקן, וואו עס האָבן געלעבט אין ענגשאַפט צו צוואַנציק און אפילו דרייסיק פאַמיליעס אין איין גרויסער שטוב, האָבן שוין מער קיין מענטשן ניט געקענט אויפנעמען. איז מען זיך צעלאָפן אין די גרעסערע שטעט פון דעם סיביר, דעם ווייטן מזרח, און מע האָט זיך באַזעצט אין נאָוואָ־סיבירסק, אין טשיטאַ, אין קאָמסאָמאָלקס, אין כאַבאַראָווסק און אין וולאַדיוואָסטאָק. אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן שוין אין די שטעט אַרום בירא‌ָבידזשאַן, געלעבט מער אידן ווי אין דער אַזוי גערופענער אידישער אווטאָנאָמער געגנט. אידן זיינען זיך פון בירא‌ָבידזשאַן צעלאָפן אין דעם שרעקלעך־צערודערטן 1937־טן יאָר, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די צעטומלונגען און טראַגעדיעס אין די אידישע הייזער איבער די ווילקירע און בייזוויליקע אַרעסטן און "משפטן"... הונדערטער אומשולדיקע וויכטיקע און פשוטע אידן האָט מען אַרעסטירט און "געמשפט" אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען. עס איז געווען אַ כוואַליע און אַ מגיפה פון אַרעסטן און משפטן איבער גאַנץ סאָוועט רוסלאַנד, לויט אַ משוגענעם באַפעל פון דעם מעשוגע־געוואָרענעם סטאַלין.



דאָס איז מיין זון ווילי. אין 1944 יאָר איז ער געווען אַ קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ טאַנק. אַ דייטשער סנאַריאַד האָט דעם טאַנק געטראָפן און מיין זון איז פאַרברענט געוואָרן אין דעם טאַנק.

מיין אַלטע דירה איז דאָך שוין פון לאַנג געווען פאַרנומען פון אַנדערע מענטשן. די כאַווערטע מיינע אַ פאַרטיי קאָמוניסטקע, האָט זיך געהאַט פאַרליבט אין אַ גרוזינער און איז מיט אים אַוועק קיין כאַבאַראָווסק און אונדזער צען יאָריקן זון, וועלכער האָט געטראָגן לענינס נאָמען ווילע /לויט די ראשי תיבות פון וו׳לאַדימיר יִ׳ליטש ל׳ענין/ האָט מען אַריינגעגעבן אין אַ מיליטערישער קינדער אַקאַדעמיע, כדי ער זאָל אויסוואַקסן אַ קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי און ער זאָל קענען פאַרטיידיקן דעם סאָוועטישע פאָטערלאַנד. האָב איך זיך אַרומגעוואַלגערט אַ פּאָר וואָכן און גענעכטיקט באַ פריינט מיינע, וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט. דערווייל האָב איך אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער אידישער ראַדיאָ סטאַנציע און אין דער אידישער צייטונג. איך האָב אָנגעהויבן שיקן קאָראָספּאָדענצן קיין מאָסקווע צום "עמעס", קיין מינסק אין דעם "אָקטאָבער" און קיין קיעוו אין דעם "שטערן". לויטן באַדייט פון אַ סאָוועטיש אידישן שרייבער בין איך געוואָרן אַ גרויסער פאַרדינער... נאָך פיל מאַטערנישן האָב איך באַקומען אַ צימער, וואָס איז געווען אַזוי גרויס, אַז מער ווי אַ שמאָל בעטל מיט אַ שמאָל טישל און צוויי בענקלעך האָט זיך דאָרט ניט געקענט אויסשטעלן. אָבער איך בין געווען

צופרידן, אַבי איך האָב פֿאַר זיך אַליין אַ צימער און איך קען שרייבן און שאַפֿן אַנגעשטערט...

עס איז געווען זומער צייט און די שילער און סטודענטן און קאַדעטן זיינען געווען פֿריי פֿון זייער לערנען זיך. מיין צען־יאָריקע ר זון, דער רויטער קאַדעט, איז געקומען צו מיר אויף קאַניקולע. מיר זיינען ביידע געשלאָפֿן אין דעם שמאָלן אייזערנעם בעטל און דאָך זיך ניט באַקלאָגט. מיר זיינען צופֿרידן געווען וואָס מיר זיינען צוזאַמען. אָבער נאָך עמיצער האָט געוואָלט זיין מיט מיר צוזאַמען, דאָס איז געווען מיין בלאָנד מיידל פֿון אָדעס. דאָס איז געווען אַ שיין נאיוו און גוטהאַרציק מיידל, מיט אַ צען יאָר יונגער פֿון מיר, אַ מיידל פֿון ניט אידישע עלטערן, די מוטער אַ רוסישע און דער פֿאָטער אַן אוקראַינער, אָבער זייער פֿיינע מענטשן. דאָס מיידל האָט געהייסן קסעניאַ, זי איז געווען אַ דערציערן אין אַן אַנשטאַלט פֿאַר קליינע קינדער, און זי האָט אין איר ליבע צו די קינדער, פֿון פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, אויסגעכאָוועט אין זיך אַ שעפֿערישן גייסט צו שרייבן ליריש־קינדערישע לידעלעך, אַליין שאַפֿן צו די לידעלעך מעלאָדיעס און זיי דערנאָך פֿאָרזינגען פֿאַר די קינדער.

איך האָב געוואוינט אַ שטוב לעבן אַ שטוב מיט אירע עלטערן אין אָדעס. זיי האָבן געהאַט אונטער דער שטאָט אַ קליין הייזעלע מיט אַ גרויסן גאָרטן אַוואו זיי האָבן די זומערס פֿאַרבראַכט. ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל פֿאַרלאָזט ביראָבידזשאַן און צוריקגעקומען, אַ קראַנקער און אַן עלנטער, קיין אָדעס איז דאָס געווען דאָס בלאָנדע מיידל קסעניאַ מיט אירע "גויעשע" עלטערן, וועלכע האָבן מיך אַריינגענומען צו זיך און מיך פֿאַר עטליכע זומער חדשים אויסגעהאַלטן אין זייער אונטערשטאָטישן גן־עדן... דאָרט איז די ליבע פֿון דעם 30־יאָריקן אידישן סאָוועטישן שרייבער, הערשל ווינאָקור, און דער 20־יאָריקער רוסיש סאָוועטישער אָנפֿאַנג־דיכטערן, קסעניאַ לוקיאַנטשוק, ווי אַ העלע זון אויפֿגעגאַנגען. מיר זיינען ביידע דערצויגן געוואָרן אין דעם סאָוועטיש קאָמוניסטישן גייסט, אַז אַלע מענטשן זיינען צווישן זיך גלייך און מיר האָבן ניט געמאַכט קיין שום ווענן ווענן דעם וואָס זי איז אַ רוסן און איך בין אַ איד... אָ, איך האָב דאָך שוין געהאַט אַ אידישע "כאַווערטע" איז וואָס האָט זי צו מיר געטאָן?... אַנטלאָפֿן מיט אַ גרוזינער!.

איצט זייענדיק צעשייט פֿון קסעניען כמעט אַ יאָר צייט האָט זי, אין איינע פֿון אירע לעצטע בריוו צו מיר, געשריבן, אַז מער אַזוי קען אונדזער ליבע ניט אָנהאַלטן. איינס פֿון די ביידע: אָדער איך קום צוריק קיין אָדעס, אָדער זי קומט צו פֿאָרן קיין ביראָבידזשאַן. איך האָב באַשלאָסן, אַז זי זאָל קומען צו מיר האָפֿענדיק, אַז מיט איר קומען וועל איך קריגן אַ גרעסערע און אַ בעסערע דירה.

עס איז אַוועק אַ יאָר צייט און קיין בעסערע דירה האָב איך נאָך אַלץ ניט געקענט געפֿינען. פֿון אָנהויב אָן, ווייל מיין זון איז נאָך געווען מיט מיר, האָבן

מיר קסעניען אָפּגעטראָטן דאָס שמאָלע בעטל און מיר בײדע זײַנען געשלאָפן אין אַן "אויסבעט" אויפן הילצערנעם דיל, שפּעטער ווען מײַן זון איז צוריקגעפאָרן זיך לערנען אין דער מיליטער אַקאַדעמיע, נו, איז דאָך קלאָר, אַז מיר בײדע, "מאַן" און "ווײַב," האָבן זיך געמאַטערט אין דעם שמאָלן אײַזערנעם בעטל, אין וועלכן אײן מענטש האָט זיך ניט געקענט גוט אויסרוען. אָבער אַזוי איז דאַן געווען די לאַגע אין ביראָבידזשאַן. איך בין ניט געווען דער אײנציקער וואָס האָט זיך אַזוי געמאַטערט. אַ פּאָר אַנדערע שרײַבער האָבן זיך אויך געגוויטיקט אין בעסערע דירות. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די פּאַרטײ און אויספּיר־קאָמיטעט האָבן באַשלאָסן צו בויען אַ צווייִשטאָקיק הויז פון אַכט דירות פאַר די היגע שרײַבער.

פון איצט אָן האָבן מיר אָנגעהויבן צו לעבן מיט אָפּענונג אַז אָט־אָט וועט דאָס הויז פאַרטיק ווערן און מיר וועלן זיך איבערציען אין אַ נײַער, גראַמער און שײנער דירה. אָבער דאָס בויען פון דעם שרײַבער הויז האָט זיך געצויגן ווי מאַליאַסע און זיך געדירט פאָרויס מיט טשערעפּאַכענער לאַנגזאַמקײט. דערווײַל האָט זיך אָנגעריקט דאָס פאַרשאָלטענע אומגליקלעכע יאָר פון 1937. קסעניע איז געווען אין די הויכע חדשים, אָט־אָט מוז איך איר פירן אין שפּיטאָל. איך האָב דאַן אַוועקגעוואָרפן אַלע מײַנע שרײַבעכצן און מײַנע אַרבעטן און געלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער איבער גאַנץ ביראָבידזשאַן צוקריגן כאָטש אַ צײַטווײַליק אָרט וואו איך זאָל קענען ברענגען מײַן מײדל מיטן נײַ־געבוירן קינד, ווײַל אין מײַן שטיקל, ענג און שמוציק צימערל איז ניט געווען קײן אָרט אַוו אַ בעטעל פאַרן קינד אַוועקצושטעלן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן מײַן אומלויפן און מײַן אײנלעגן וועלטן... די זאַך איז דערגאַנגען פערזענלעך צו די צוויי פאַרטײ סעקרעטאַרן, צום ערשטן סעקרעטאַר חבר כאַוואקין און צום צווייטן סעקרעטאַר חבר יאַנקל לעווין. מע האָט זיך געשראָקן פאַר אַן עפנטליכן סקאַנדאַל. מע האָט באַלד צו זיך אַרויסגערופן יוסף ראַבינען, דעם פאָרזיצער פון דער שרײַבער גרופּע, און מע האָט נאָך אַ קורצער באַראַטונג באַשלאָסן, אַז מע זאָל זען וואָס גיכער פאַרענדיקן דאָס בויען פון דעם שרײַבער הויז, און אַז איך זאָל זײַן דער ערשטער פון אַלע שרײַבער צו באַקומען דאָרט אַ דירה.

און דאָ איז פּלוצים, אומגעריכט געקומען די צײַט צו ברענגען קסעניען אין שפּיטאָל. עס איז מיט מזל געבוירן געוואָרן אַ אינגעלע. עס איז פּונקט געווען די צײַט ווען אין גאַנץ סאָוועט רוסלאַנד האָט מען געפּראַוועט דעם הונדערט יאָריקן געבורט־טאָג פון דעם גרויסן רוסישן פּאָעט, דעם גרויסן רוסישן קלאַסיקער אַלעקסאַנדער פּושקין, און מיר האָבן דערפאַר אונדזער קינד געקרוינט מיט דעם גלאָרײַכן נאָמען פון דעם גרויסן רוסישן דיכטער. מיר האָבן אונדזער זון פאַרשריבן אַלס אַלעקסאַנדער ווינאָקור, נאָר גערופן האָבן מיר אים מיט ליבע, פאַרצויגן: אַלינקאַ!...

און דערווייל איז אָנגעקומען די צייט צו פֿאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, אָבער דאָס שרייבער־הויז איז נאָך אַלץ ניט געווען פֿאַרטיק און איך האָב קסעניען מיטן קינד ניט געהאַט אַוו צו אַהיים נעמען. עס איז אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי און די קינפּעטאָרן מיטן קינד זיינען נאָך אַלץ געווען אין שפּיטאָל. די דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן צו שרייען אויף מיר, אַז איך זאָל מיין "ווייב" און קינד וואָס גיכער אַרויסנעמען פֿון שפּיטאָל אויב ניט וועלן זיי זי אַרויסוואַרפֿן אויף דער גאַס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי מיט אַ סקאַנדעל. דער הויפּט דאָקטער און דירעקטאָר פֿון שפּיטאָל האָט געשריגן אויף מיר:

"אייער ווייב פֿאַרנעמט דאָ אַ בעט וואָס מיר נויטיקן זיך פֿאַר אַן אַנדער קינפּעטאָרן!"

און איך האָב געענטפֿערט: "איך האָב זי ניט אַווא צו היים־נעמען. איך וואַרט ביז דאָס שרייבער הויז וועט ווערן פֿאַרטיק און איך וועל באַקומען מיין צוגעזאָגטע דירה."

האָט דער דאָקטער זיך ווידער צושריגן אויף מיר מיט אַ פּאָר העכערע טענער:

"און אַז דאָס הויז וועט ווערן פֿאַרטיק אין אַ יאָר אַרום דאַרף זי דאָ ליגן אַ יאָר?

האָב איך אַ פֿאַרצאָרנטער נאָך העכער פֿון אים געשריגן: "אפֿילו צוויי יאָר!"

"איך וועל זי אַרויסוואַרפֿן אויף דער גאַס!"

"נו, וואַרפֿט זי אַרויס אויף דער גאַס!" האָב איך צוגעגעבן און קסעניע האָט געוויינט דערהערנדיק דאָס און זיך געבעטן ביים דאָקטער: "שרייבט מיר אויס פֿון שפּיטאָל, איך וועל גלייך שוין מיטן קינד צוריק פֿאָרן קיין אָדעס. איך האָב דאָרטן טאַטע־מאַמע!.."

איך האָב ניט געקענט איבערטראָגן מיין "בלאָנד מיידלס" געוויין און זיך באַ איר געבעטן

"גאָלובטשיק, טייבעלע מיינס, פֿאָרניט אַוועק. איך האָב דיך ליב. לאָז מיך ניט איבער דאָ אַליין!.." איך בין פֿון שפּיטאָל אַוועק אַ צערודערטער און זיך אַריינגעריסן אין דעם קאַבינעט פֿון דעם ערשטן פּאַרטיי סעקרעטאַר מיט אַ געשריי: "ראַטעוועט, עס איז אַ פֿאַרצווייפֿלטע לאַגע!... חבר כאַוקין, ראַטעוועט איידער עס ווערט צו שפּעט!.."



פרעזידיאום פון דער צווייטער ראַיאָנער פאַרטיי קאָנפערענץ אין בירא-בידזשאן.

**The presidium of a Party conference in Birobidjan in 1932**
The majority of the group are Russians, Ukrainians and Koreans and only the Party Secretary (marked by an x) is a Jew named Yankel Levin. In 1937 he too was shot by the Soviets as a Jewish nationalist and as a "Japanese spy."


Пролетарии всех стран, соединяйтесь!
(x)
„Бироббиджакер Штерн"
**אַ פלאַמיקן בּאָלשעוויסטישן גרוס דעם „בּירעבּידזשאַנער שטערן"**
צו זיין ווידערדערשיינען שיקן די ייִדישע אַרבּעטער פון אַרגענטינע און דייטשלאַנד, וואָס האָבּן איבּערגעוואַנדערט קיין בּירעבּי-דזשאַן און אַרבּעטן בּאַם אופבּוי פון סאָציאַ-ליסטישן מוסטער-שטעטל „איקאָר". מיר ווינטשן אים וואַקסן צוגלייך מיטן אופבּוי פון בּירעבּידזשאַנער ראַיאָן און ווערן אינגיכן אַ טעגלעכע צייטונג.
№ 5
24 יול
1931
**בּירעבּידזשאַנער**
„דאָס שאַפן אַ קאָרם־באַזע"
וואַלדהיימער קעמערל
אינדערזייט פון קאָלוויר

This is a sample of the Yiddish paper "Birobidjaner Shtern", in which I used to work, and which was published only three times a week, on two pages. On the top left (x) a wish that the paper shall become a daily.

עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער הויפּט דאָקטער פון שפּיטאָל האָט אָנגעקלונגען כּאַוּוקינען און זיך באַקלוגט אויף מיר. כּאַוּוקין האָט דאַן אָפּגערופן ראַבינען און אים געהייסן צו זאָגן דעם בילדער פון דעם שרייבער הויז, אַז מע זאָל שוין אַוועקלעגן אַלע אַרבעטן איבערן גאַנצן הויז און מע זאָל זיך קאָנצענטרירן אויף נאָר איינער פון די אַכט דירות, אַזוי אַז אין אַ וואָך אַרום זאָל איך זיך קענען אַריינציִען אַהין. איך בין געווען צופרידן פון דעם באַשלוס און האָב מיט אַ קאָמוניסטיש־פּאַטריאָטישן אויסרוף באַדאַנקט דעם פּאַרטיי סעקרעטאַר פאַר זיין קאָמוניסטיש־פּראָלעטאַרישער טובה, וואָס ער טוט צו מיר.



דאָס איז מיין צווייטער זון אַלעקסאַנדער (אַלינקאָ)

אַלץ איז איצט געטאָן געוואָרן גיך און שנעל ווי לויט אַ מיליטערישן באַפעל. עס איז באַלד אַוועק אַ קוריער פון דעם פּאַרטיי קאָמיטעט מיט אַ שריפטלעכן באַפעל, אַז מע זאָל שוין, טאַקע אין אַ פּאָר טעג אַרום און נישט לענגער, פאַרענדיקן אַ דירה פאַר דעם טאָוואַרישט ווינאָקור מיט זיין ווייב און קינד. ווען איך בין אָנגעקומען צום הויז, וואָס האָט זיך געבילדעט פאַר די ביראָבידזשאַנער שרייבער, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן ראַבינען. דער בילדער, אינזשענער כּאַוּוער... /איך געדענק ניט זיין נאָמען. דאָס איז דאָך געשען צוריק מיט 45 יאָר. און פאַר דער צייט האָב איך פיל קאַלטס און וואַרימס אַדורכגעמאַכט, און איצט, אין מיינע 79 יאָר אַלט, קען איך זיך ניט דערמאָנען אַלע נעמען פון מענטשן, וועמען איך האָב געקענט מיט אַזויפיל יאָרן צוריק/ דער בוי אינזשינער האָט צו מיר פריילעך אַ זאָגעטאָן:

"אין עטליכע טעג אַרום וועלן זיך שוין אַלע אייערע זאָרגן און מאַטערענישן פאַרענדיקן. דערווייל נעמט פון מיר צו אַ מזל טוב צום געבורט פון אייער ערשטלינג. /ער האָט אַזוי ווי אַנדערע גאָר ניט געוואוסט אַז דאָס איז שוין מיין צווייטער זון/ און ער האָט באַלד צוגעגעבן: "אַלע אַכט דירות זיינען די זעלבע אין דער גרויס און אין דער שיינקייט. איך קען ניט אָנהויבן פון דער מיט. איר קענט ניט אויסוויילן זיך אַ וועלכע דירה איר ווילט, ווייל איך מוז אָנהויבן פון דער ערשטער דירה, וועלכע איז שוין כּמעט ווי פאַרטיג", און מיט אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ אין מיין פּלייצע פאַרענדיקט:" פונקט אין דריי טעג אַרום וועט די דירה זיין גרייט, און איר קענט שוין ברענגען אַהער אייער ווייב און קינד פון שפּיטאָל. אָ, זאָרגט ניט, כּאַוּוער ווינאָקור, איר וועט איצט האָבן אַ שיינע דירה און מיט אַ באַלקאָן צום דרויסן. ווי גייט דאָס דאָס ווערטל: איר האָט לאַנג געוואַרט און גוט געמאַכט."

און באַלד האָט ער צו יוסף ראַבינען זיך געווענדעט: "אין פיר אָדער 5 וואָכן אַרום וועט שוין אייער גאַנצע שרייבערישע משפחה זיך קענען אַריינציִען אין

זייערע דירות.״

מיר האָבן ביידע אָפּגעדאַנקט דעם אינזשינער־בילדער און זיינען ביידע צעפרידענע אַוועק מיט פריילעכע און חברישע געמיטער אָנצוזאָגן די גוטע נייעס צו די אידישע שרייבער אונדזערע חברים און פריינט.

**די פריילעכע הוליאַנקע אין מיין נייער דירה מיט אַן אָנזאָג אויף נייע צרות...**

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעשטאַט מיין נייע שיינע דירה מיט נייע און שיין מעבל, וואָס איך האָב איינגעהאַנדלט אין דער ביראָבידזשאַנער מעבל פאַבריק, און נאָך דעם וואָס קסעניע מיטן קינד האָבן זיך געפילט גוט און גליקלעך און פון מיר זעלבסט איז דאָך שוין אָפּגערעדט, אַז איך בין איצט געווען אויך גליקלעך פון דעם אויסגאַנג. אַ קלייניקייט, ווער קען זיך איצט צו מיין גליק גלייכן?.. איך לעב איצט אין אַ נייער מאָדערנער וואוינונג פון דריי צימערן אויסגעשטאַט מיט ניי מאָדערן מעבל, און וואו? אין אַ שטאָט וואָס הייסט ״ביראָבידזשאַן, און וואָס געפינט זיך ערגעץ אין ״עק וועלט״ אויפן סיבירער ווייטן מזרח, צעווישן ווילדע־טייגע־בערג און טייגע־וועלדער, אַזש ביים גרענעץ פון קיטיי, וואָס אין אידיש איז דאָס כינע. און



מען בויט הייזער אין ביראָ־בידזשאַן

דערצו האָט נאָך מיין דירה אַ באַלקאָן צום דרויסן און אַ גרויס פענצטער וואָס קוקט אַרויס צום טייך בירא. איז וואָס פעלט מיר נאָך?... יאָ, עס פעלט מיר איצט נאָר איין זאַך צו טאָן: צונויפרופן אַלע שרייבער פון דער ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופע און זיי פאַרבעטן צו אַ הוליאַנקע, אַ מין "לחיים טובים" מיט וויין און לעקעך און מיט געזאַנג און טענץ...

געקומען צו דער "הוליאַנקע" זיינען אַלע שרייבער, וועלכער זיינען אין יענער צייט געווען אין ביראָבידזשאַן. פאַרשטייט זיך אַז ראבין, דאָבין און וויינהויז און אויך גריגאָרי קאָבעץ און אויך יאַשע יאַסינסקי — (דער ג.פּ.א. אינפאָרמער) האָבן איינטייל גענומען אין דער שמחה. עס איז געווען אַזוי פריילעך און אַזויט גוט, אַזש יעדער איינער האָט זיך געקושט איינס מיטן אַנדערן און באַזונדערס מיט מיין שיין, בלאָנד מיידל, און מע האָט זיך געוואונטשעוועט אַלדאָס בעסטע, און אַז עס זאָל שוין אַמאָל ווערן סאָציאַליזם אין דער גאַנצער וועלט, פאַרשטייט זיך, ניט גלאַט אַ סאָציאַליזם נאָר אַ סאָוועטיש קאָמוניסטישער סאָציאַליזם.

מע האָט שטאַרק געלויבט די דירה און באַזונדערס דאָס גרויסע פענצטער וואָס קוקט אַרויס צום טייך בירא און צו דעם באַרג, דער סאָפּקע, וואָס מע רופט באָמבאָ. עס איז טאַקע באמת געווען אַ שיין און הערליך נאַטור בילד. דערנאָך איז נאָטע וויינהויז אַרויס אויפן באַלקאָן און פון דאָרטן זיך געקוויקט מיט דער שיינקייט פון דעם טייגע־וואַלד, וועלכער האָט זיך צעשפּרייט העט ווייט פון דעם טייך און דער סאָפּקע. עס זיינען באַלד אַרויס אויפן באַלקאָן דער דיכטער בוזע אָליעווסקי און דער קריטיקער קליטייניק און זיך וועגן עפּעס אָנגעהויבן צו אַמפּערן. צו זיי אויפן באַלקאָן זיינען באַלד צוגעקומען ראבין און דאָבין און זיי זיינען אויך צוגעשטאַנען צו דער קריגערייַ. די איבעריקע שרייבער, וועלכע זיינען געבליבן אין דער דירה האָבן זיך געוואונדערט און זיך געפרעגט:

"וואָס איז דאָס דאָרט, אַ ספּאָנטאַנע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג?.."

די פינף מענטשן אויפן באַלקאָן פון מיין דירה זיינען טאַקע געווען די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופּע. עס האָט אויסגעזעען ווי זיי באַראַטן זיך ווענן עפּעס. יעדער איינער איז נייגעריק געווען צו וויסן ווענן וואָס מער רעדט דאָרטן אויפן באַלקאָן. מע האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס רעט מען ווענן די איבעריקע זיבן דירות, וואָס מע דאַרף צעטיילן צו שרייבער אין אַ פּאָר טעג אַרום. עס זיינען אָבער דאָ שוועריקייטן, ווייל אויף די זיבן איבעריקע דירות, וועלכע זיינען שוין מיט אַ פּאָר טעג פריערט פאַרטיק געוואָרן און מע קען זיך שוין אין זיי אַריינציען, זיינען פאַראַן צען באַלאָנים. עמעצער, וואָס וועט ניט קריגן קיין דירה אין דעם שרייבער הויז וועט זיך פילן באַליידיק און שטאַרק געטראָפן.

נאָטקע וויינהויז, דער דירעקטאָר פון דער ביראָבידזשאַנער ראַדיאָ

סטאַנציע, און דער יחוס־טראָגער אַלס שרייבער אין זכות פון דעם וואָס ער איז מיט פיל יאָרן צוריק געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ קינדער זשורנאַל, און שפּעטער ווען ער האָט אָפּגעדינט זיינע אָבלעגאַטאָרישע צוויי יאָר אין דער רויטער אַרמיי, אַזוי ווי יעדער איינער אַכצן־יאָריקער יונג טוט דאָס, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ א קליין ביכל פון ניט קיין ליטעראַרישן ווערט וועגן זיין "פּאַטריאָטישקייט"... איז אָט מיט דעם אָ "ליטעראַרישן באַגאַזש" האָט ער זיך אַריינגעשטופּט אין דער פאַרוואַלטונג פון אַ גרופּע שרייבער, וואָס ניט ווייניקער ווי אַ צען פון זיי האָבן שוין געהאַט אַרויסגעלאָזט ביכער וואָס די קריטיק האָט זייער געלויבט.

באַ מיין אַרויסקומען אויפן באַלקאָן, האָב איך געהערט ווי נאָטע וויינהויז האָט געזאָגט: די דירה קומט מיר. איך בין בילעכער!"

דער דיכטער בוזע אָליעווסקי האָט אים אָפּגעענטפערט:

"פאַרוואָס ביסטו בילכער? דיין ווייב און קינד זיצן נאָך אין מינסק און ווער ווייסט צי זיי וועלן גאָר אַמאָל קומען אַהער. און מיין ווייב איז שוין דאָ מיט מיר און דאָס איז די דירה וואָס מיר געפעלט!"

דער קריטיקער קליטייניק האָט אָפּגעענטפערט: און מיר געפעלט אויך די דירה. איך וויל זי האָבן. ווי נאָר איך וועל באַקומען די דירה אַזוי שיק איך אַ טעלעגראַמע צו מיין ווייב, אַז זי זאָל קומען צופאָרן."

און דאָ האָט דער "גרויסער" פּראָזאיקער הערשל דאָבין אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע: "נישקאָשע אויב בוזע מילערן שטייט אָן צו באַקומען אַ דירה: אויפן ערשטן שטאָק מעג אים דאָס אויך אָנשטייען. וואָס איז ער, דער גרויסער שרייבער?.. צי אפשר רעכנט ער זיין שיקסל מיטן ממזרעל אַריין אין נַדן און דערפאַר קומט אים די שענסטע דירה מיט אַ פּראַכטפולן אויסקוק צו דער ביראָבידזשאַנער געבענטשטער נאַטור?!"

עס האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. דאָס רעדט מען אַזוי וועגן מיר... די יסורים און ליידן וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן אויסוועלקן אין מיר, זיינען ראַפּטאָם אין מיר צוריק אָנגעפּילט געוואָרן און איך האָב מיט אַ היסטערישן קול אויסגערופן:

"ניין, דאָבין!.. דאָס וועט ניט געשען. איך גיי ניט אַראָפּ צום ערשטן שטאָק. מע האָט מיר געזאָלט פון אָנהויב אָן געבן אַ דירה דאָרט. איצט איז שוין פאַרפאַלן. איך לעב דאָ און דאָ וועל איך בלייבן.

ערשט איצט האָט מען מיך באַמערקט. מע איז געווען צעמישט און אַ ביסל פאַרשעמט. אָבער ראבין איז געווען דער ערשטער, וואָס איז געקומען צו זיך. ער האָט מיר געזאָגט:

די פאַרוואַלטונג האָט שוין צוגעטיילט צו יעדער שרייבער, וואָס מיר האַלטן, אַז ער האָט זיך פאַרדינט צו קריגן אַ דירה אין דעם הויז, די געעריקע

דירה אויפן ערשטן אָדער אויפן צווייטן שטאָק. דו, ווינאָקור, וועסט זיך מוזן אַראָפּציען אונטן און דיין דירה וועט פאַרנעמען נאָטקע ווײַנהויז. אַזוי איז באַשטימט און אַזוי בלייבט עס!.״

״ניין! — האָב איך אויסגעשריגן, — ״אַזוי בלייבט עס נישט! ווי עס טראָגן זיך לעצטנס אַרום קלאַנגען, און דאָס איז שוין דאַכט זיך באַשטימט, גייט נאָטקע ווײַנהויז אַריבער אַרבעטן אויף אַ וויכטיקן פּאָסטן אין דעם געגנטליכן פּאַרטיי קאָמיטעט אַלס געהילף צו כאַווקינען, אַזוי אַז ער וועט שוין דאָרט קריגן אַ גוטע דירה...״

״און דאָך,״ — האָט ראַבין מיך איבערגעשלאָגן, — ״דאָך וועט נאָטקע ווײַנהויז באַקומען דיין דירה און דו וועסט אַראָפּ גייען מיט אַ שטאָק נידעריקער. אַזוי איז באַשטימט.״

״ווען האָט מען דאָס באַשטימט?״

״ערשט אָ, אויף דעם באַלקאָן האָבן מיר געהאַט אַ קורצע באַראַטונג. דו גייסט אַראָפּ אונטן און דיין פריינט, גריגאָרי קאָבעץ בלייבט וואו ער איז. מיר דאַרפן ניט קיין שכור באַ אונדז אין שרייבער הויז.״

עס איז געווען אַ פאַרשטערטע שמחה. מע איז זיך גיך צעגאַנגען און די קריגעריי האָט געדויערט עטליכע טעג. איך האָב באַשטימט באַ זיך, אַז בשום אופן וועל איך ניט נאָכגעבן. קסעניע איז געווען אַזוי אויסער זיך פון דעם אומרעכט, אַז זי האָט מיך געסטראַשעט, אַז אויב איך וועל נאָכגעבן און זיך אַראָפּציען אונטן, וועט זי נעמען דאָס קינד און זי וועט צוריקפאָרן צו אירע עלטערן קיין אָדעס.

אָבער פלוצלים איז עפּעס געשען. מע האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס, נאָר נאָטע ווײַנהויז האָט זיך פלוצלים אָפּגעזאָגט פון איבערנעמען מיין דירה. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז זיין ווייב אָדער זיין קינד, אין מינסק, איז שטאַרק קראַנק און ער מוז דרינגנד אַוועקפאָרן פון ביראָבידזשאַן. דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינציען אין די איבעריקע זיבן דירעס די זיבן שרייבער וועמען מע האָט דאָס באַגיטעקט. איך און מיין כאַווערטע האָבן צוריק זיך באַרויקט. מיר האָבן געמיינט, אַז מע וועט אונדז שוין איצט מער ניט טאָן קיין שלעכטס. אָבער ניין... אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ראַבין געקומען מיט אָליעווסקין און מיר געמאָלדן, אַז אָליעווסקי וועט איבערנעמען די דירה מיינע און אַז מע האָט אומיסטן אונטן, אויפן ערשטן שטאָק געלאָזט ליידיק איין דירה, כדי איך זאָל זיך אַהין איבערציען. איך האָב ווידער געזאָגט אַ שטאַרקן ניין!.. אין עטליכע טעג אַרום איז געקומען צו מיר דער ״קריטיקער״ קליטייעניק מיט געאָרכזאַמקייט און זיך באַ מיר ממש געבעטן:

״געב ניט אָפּ דיין דירה צו אָליעווסקין. געב זי צו מיר. ווי איך האָב געהערט גרייט מען אין מינסק אַרויסגעבן אַ פּאָר ביכער דיינע וועגן ביראָבידזשאַן,

איבערהויפּט וועט מען אַרויסגעבן דיין בוך וואָס וועט הייסן "דער ערשטער יעגער" און אין קיעוו גרייט מען אַן אַנטאָלאָגיע וועגן דער סטאַליניסטישער קאָנסטיטוציע און מע נעמט אַריין שרייבער פון אַלע רעפּובליקן און אווטאָנאָמע געגענטן. פון ביראָבידזשאַן ביסטו דער פאָרשטייער מיט דיין שאַפונג "אויף פישפאַנג", אָר־אָו..." און דאָ האָט זיך קליטייניק אָנגעהויבן אונטערצוכאַפּנענען צו מיר, "אָר־אָו, דו ביסט דאָך דער איינציקער שרייבער פון די ביראָבידזשאַנער, וואָס ווייזט זיך אַרויס ווי אַן אמתער איינגעפונדעוועטער "טאַיעזשניק"... דו גייסט צוזאַמען מיט רוסן, קאָרייער און גאָלדן כאַפּן פיש און שיסן בערן אין דער טייגע. קיין איין שרייבער האָט דאָס נאָך ביז איצט דאָס ניט געטאָן, אויסער דיר. אָ, איך וועל שוין אָנשרייבן עטלעכע גוטע רעצענזיעס. וועסט זעען מע וועט דיך מקנא זיין... דו געב נאָר איבער מיר דיין דירה... און ווייסטו וואָס? איך וועל דיר אפילו צוצאָלן אַ הונדערט רובל!.."

קסעניאַ איז געווען איך קיך. זי האָט גראָד איצט געגרייט אונדזער באַטאָגיקן מאָלצייט. זי האָט גענומען דאָס האַקמעסער אין דער האַנט און געוואָלט אָנהויבן צעהאַקן דאָס פלייש, אָבער זי האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צום געשפּרעך פון דעם קריטיקער אַ געשפּרעך וואָס איז אַזש דערגאַנגען צו איר אין קיך. איז זי פּלוצלים אַרויסגעלאָפן פון קיך מיטן האַקמעסער אין האַנט און זיך צעשריגן:

"אַרויס פון דאַנען דו הונט. איך וועל דיר צעהאַקן דעם קאָפּ, אויב דו גייסט שוין פון דאַנען ניט אַרויס."

אין עטליכע טעג אַרום האָט זיך פּלוצלים באַוויזן אין דער רוסישער "ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוויעזדאַ" אַן אַרטיקל אין וועלכן עס האָט זיך געשריבן, אַז איך, דער שרייבער הערשל ווינאָקור איז אַ כוליגאַן, אַ שכור און אַן אַנטיגעזעלשאַפטלעכער עלימענט. אונטערגעשריבן איז דאָס אַרטיקל געווען אָן אַ נאָמען נאָר: "די פאַרוואַלטונג פון די ביראָבידזשאַנער שרייבער גרופּע." איך האָב געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. די ווערטער "אַנטיגעזעלשאַפט" מיינט לויט די סאָוועטישע געזעצן אויך, אַנטיסאָוועטישקייט, אַנטיפּאַרטייעשקייט און אַנטי־מלוכהשקייט... עס איז דאָך געווען די צייט פון דעם שוואַרצן, דעם 37־טן יאָר, ווען מע האָט געקלאַפּט אין די טירן און מע האָט געשלעפּט פון די בעטן אין דער ג.פ.או. אַריין. איך בין געוואָרן זייער אומרויק און שוין געוואַרט אויף מיין אַרעסט... אָבער דערווייל זיינען אַוועק טעג און מע האָט אין מיר ווי עס ווייזט אויס פאַרגעסן... די נייס איז אָבער געווען, אַז נאָטע ווייִנהויז פאָרט שוין ניט צוריק קיין מינסק. מע לאָזט אים ניט פאָרן. וואָס איז?... אין מינסק האָט מען אַרעסטירט זיין שוואָגער און מע באַשולדיקט אים אין טראָצקיזם. שלעפּט מען דאָ, אין ביראָבידזשאַן, יעדער טאָג ווייִנהויזן אין דער ג.פ.או. און מע וויל וויסן צי ער אַליין איז אויך, אַזוי ווי

זיין שוואָגער, זיין ווייבס ברודער, אַ טראָצקיסט... נאָטע ווײַנהויז איז ווי אַ פּאַר־סמ׳טע מויז אומגעלאָפן צווישן זיינע חברים און פריינט און זיך געבעטן באַ זיי, אַז מע זאָל באַשטעטיקן זיין פעסט־שטעלונג, אַז ער איז נישט קיין טראָצקיסט. איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָב זיין ״פעסט־שטעלונג״ ניט געוואָלט אונטערשרייבן, ווייל איך האָב זיך ניט געוואָלט אַריינפּלאָנטערן אין אַ זאַך, וואָס האָט צו טאָן מיט געפערליכער פּאָליטיק, וואָס קען פירן צו אַרעסטן. און דאָ, אין דער אָ אומזיכערע צייט באַווייזט זיך פלוצלים פאַר מיר בוזע אָליעוווסקי און ער פרעגט מיך:

״נו, ווען באַפרייסטו פאַר מיר די דירה?..״

״די דירה?״ — האָב איך איבערגעפרעגט, — ״וואָס קומט דאָ פאָר?.. איר שלאָגט זיך צווישן זיך פאַר מיין דירה!.. ווײַנהויז וויל זי. קליטייניק וויל זי. דו ווילסט זי!.. אָבער איך וועל די דירה קיינעם ניט אָפּגעבן! מע האָט מיר געגעבן די דירה און איך בלייב אין איר. האָט מען מיר פון אָנהויב אָן געזאָלט געבן אַן אַנדערע.״

״דו האָסט אַן אַנדערע.״ האָט אָליעוווסקע געזאָגט מיט אַ מין שטיל קליינשטעלדיק כיטרע שמייכעלע, ״אונטן איז דיין דירה און די דירה האָט מען מיר צוגעטיילט.״ ער איז אַזוי שטיל ווי ער איז געקומען, מיט זיין בן־יחידישן גאַנגעלע, אַזוי שטיל איז ער אַוועק.

״עפּעס געפעלט מיר ניט די גאַנצע זאַך... איך פיל אין דער לופט, אַז עפּעס שרעקלעכס גרייט זיך... איך האָב אַ געפיל אַ שפּיי צו טאָן אויף דעם גאַנצן ביראָבידזשאַן און צוריק פאָרן קיין אָדעס.״ — דאָס איז געווען מיין געדאַנק. איך בין געווען בלאַס און דערשראָקן. קסעניע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר אומרויקע אויגן און אויסגערופן:

״וואָס איז דאָס מיט דיר, גרישא?..״

איך האָב מיינע געדאַנקען פאַרוואַנדלט אין ווערטער און צוגעגעבן: ״לאָם מיר זיך אַראָפּציען אונטן און זאָל דאָס נעמען אַן עק מיט דער קריגעריי!״

״דו גיבסט נאָך?״ — האָט זי אַ פאַרצווייפלטע געפרעגט.

״יאָ, איך געב נאָך. און זאָל שוין זיין אַן עק, אַ סוף!..״

מיר האָבן זיך נאָך אין דעם זעלבן טאָג, מיט דער הילף פון דעם הויז־היטער, אַריבערגעצויגן אַראָפּ צו דעם ערשטן שטאָק אין דער דירה וואָס די פאַרוואַלטונג פון דער שרייבער גרופּע האָט איצט באַשטימט פאַר מיר. איך האָב דאָס געטאָן ווייל איך האָב שוין איצט געוואוסט, אַז די אָ מענטשן, וואָס האָבן געקענט אַריינגעבן אין דער ביראָבידזשאַנער רוסישער צייטונג אַ נאָטיץ, אַז איך בין אַ כאָליגאַן, אַ שכור און אַן אַנטיגעזעלשאַפטלעכער עלימענט, אַז פון אַזעלכע לייט וועל איך שוין קיין גאַנצער ניט אַרויס, אויב איך וועל נאָך אַלץ זיך אַקעגן שטעלן.

און ווי מײַן האַרץ האָט מיר אונטערגעזאָגט איז דאָס אַזוי טאַקע געשען. עטליכע טעג נאָך דעם, וואָס מיר האָבן שוין געוואוינט אונטן, אין דער ניט זייער פּראַכטפול־שײַנער דירה אַ דירה אָן דעם אַרויסקוק צום טײַך, צום באַרג און צום וואַלד, האָט מען שפּעט בײַנאַכט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און צוויי "ג.פּ.או.־לײַט" האָבן מיך פֿאַרנומען. עס איז געווען, ווי עס גייט זיך אויס אויפֿן ווײַטן מזרח, אַ ליכטיקע נאַכט, און איך האָב דערזעען, אַז אויף דער גאַס זײַנען געשטאַנען גריגאָרי קאָבעץ און יאַשאַ יאַסינסקי. זיי האָבן זיך באַלד פֿאַרײיניקט מיט די פֿריערדיקער צוויי ג.פּ.או. אַגענטן. איצט האָב איך שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס מע זאָגט וועגן די אָ צוויי, אַז זיי זײַנען אַגענטן פֿון דער ג.פּ.או. איז טאַקע אַן אמת.

מע האָט מיר אַרײַנגעפֿירט אין אַ קעלער־שטוב מיט אַן אַספּאַלטענעם דיל וואו עס איז געשטאַנען אַ בעטל מיט אַ רײַן געלעגער. אַ ווײַס טישל און צוויי בענקלעך בײַם טישל. דער צימער האָט גיכער אויסגעזען ווי פֿון אַ שפּיטאָל איידער פֿון אַ תּפֿיסה. איינער פֿון די צוויי אָפּיצערן, וואָס האָבן מיר געבראַכט אַהער האָט אַ זאָגעטאָן. "קענסט זיך צולעגן אויב דו ווילסט. מע וועט דיך אויפֿוועקן אויב מע וועט דיך דאַרפֿן."

איך האָב זיך אַוועקגעלעגט אויפֿן בעטל און ניט אײַנשלאָפֿן געוואָרן. איך געדענק איצט ניט וואָס איך האָב דאַן געטראַכט. איך בין זייער צעטומלט געווען און ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. אַזוי אָ בין איך אָפּגעלעגן אויפֿן בעטל ביז דורך אַ פֿענצטערל האָט זיך באַוויזן אַ זונען שטראַל. פּלוצלים האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס איז אַרײַן אַ סאָלדאַט מיט אַ טעפּעלע שוואַרצע טיי און אַ שטיקל ווײַס ברויט. ער האָט אַ מורקע געטאָן: "עס, אויב דו ווילסט." איך בין אויפֿגעשפּרונגען פֿון בעטל און זיך געזעצט צום טישל. אויטאָמאַטיש, ווי אַ ראָבאָט, האָב איך גענומען טרינקען די שוואַרצע טיי און פֿאַרביסן מיטן ווײַסן שטיקל ברויט... באַלד האָט זיך ווידער געעפֿנט די טיר און עס איז אַרײַן אַ יונג־בלאָנדליכער שייגעץ אויסגעפּוצט אין אַ נייעם "טשע־קאַ" מונדיר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ קעגן מיר אויף דעם פֿרײַעם בענקל און אַרויפֿגעלעגט אויפֿן טיש אַ טעקע פֿול מיט פּאַפּירן. "דאָס איז דײַן רעקאָרד, די געשיכטע פֿון דײַן לעבן, אייגנטלעך אַ קאָפּיע פֿון דעם אַרכיוו אין דער אָדעסער "טשעקאַ". מיר ווייסן אַלץ וועגן דיר. ביסט געווען אַ זעכצן יאָריק אינגל ווען דו ביסט דאָס ערשטע מאָל אַרעסטירט געוואָרן ווײַל דו האָסט געשריבן אַ פּאַסקוטסטווע בריוו צו דײַן טאַטן דעם ראַבאַי קיין אַמעריקע, עפּעס אַ טאַטן וואָס דו קענסט ניט... עס איז באַשטימט געוואָרן אַז דײַן טאַטע איז דער וואָס האָט דיך דערצויגן, דער אָרימער אַרבעטער, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1919 און אַז דו וועט מער מיט קיין בריוו צו דײַן ערשטן טאַטן קיין אַמעריקע ניט שרײַבן. נו, האַלסטו וואָרט?"

"יאָ" — האָב איך געזאָגט מיט אַ ציטער אין מײַן האַרצן. דער אויספֿרעגער

האָט פאָרגעזעצט: „קיין שלעכטע אויפירונג האָט מען ביז איצט אין דיר ניט באַמערקט. ביזט אַ קאָמוניסט. איז דאָס אמת?"

„יאָ!" האָב איך ווידער געזאָגט.

„איך האָב געלייענט די נאָטיץ אין „ביראָבידזשאַנסקאי זוויעזדאַ" וועגן דיר. איז דער זעלבער נאָטיץ פון דער שרייבער־גרופּע אויך געווען אין דער היגער אידישער צייטונג?"

„איך ווייס ניט. איך בין געווען אַזוי צעטראָגן, אַז איך האָב פאַר עטליכע טעג קיין שום צייטונג ניט געלייענט."

„איז וואָס ווילמען אייגנטלעך פון דיר?"

„מיין דירה. דאָס איז די שענסטע דירה איבערן גאַנצן שרייבער הויז און יעדער איינער מיינט, אַז ער איז אַ גרעסערער און אַ בעסערער שרייבער פון מיר, און דערפאַר קומט אים די בעסטע דירה, און ניט מיר!"

„און דו האָסט נאָכגעגעבן!... דערצייל מיר ניט פאַרוואָס. מיר ווייסן איצט אַלץ... זאָג נאָר ווער איז דער אָ נאַטאַן וויינגאַוז. דערצייל מיר ניט, אַז ער איז דער דירעקטאָר פון דער ב.ב. ראַדיאָ סטאַנציע, און אַז ער גייט גיך קריגן אַ העכערן פּאָסטן אין דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי. דאָס ווייסן מיר אָן דיר. וואָס מיר ווילן וויסן איז צו דו קענסט זיין שוואָגער, זיין ווייבס ברודער, און צו דו ווייסט אַז ער איז אַ טראָצקיסט?.."

„ניין, וויינהויזס שוואָגער האָב איך ניט געקענט. איך בין אַ פּאָר מאָל געווען אין מינסק. וויינהויזס שוואָגער איז דאָרט געווען דער סעקרעטאַר פון דער אידישער קאָמסאָמאָלסקער צייטונג „יונגער אַרבעטער." איך האָב אָפּגעגעבן דעם רעדאַקטאָר, כאַווער צירלין, מיינע דערציילונגען צום דרוק און דאָס איז אַלץ."

„נו, און נאַטאַן וויינגאַוז אים קענסטו דאָך גוט! איז ער אַ טראָצקיסט?"

„איך ווייס ניט. קען זיין יאָ און קען זיין ניין. איך האָב מיט אים קיינמאָל אויף אַזעלכע טעמעס ניט גערעדט. איך האָב אים אויך ניט געהערט רעדן וועגן טראָצקין מיט די אַנדערע מיטאַרבעטער פון דעם ראַדיאָ קאָמיטעט."

„און וועגן גערשקאָ דאָבין, וואָס קענסטו זאָגן?

„איך קען אים נאָר פון זינט איך לעב אין ביראָבידזשאַן."

„ווייסטו דען ניט זיין פאַרגאַנגענהייט?" איך האָב איצט באַקומען מער מוט און זיך דערפילט מער היימישער מיט דעם יונגן אויספרעג אין דעם ראַנג פון אַ ג.פּ.או. קאַפּיטאַן. איך האָב אויסגערופן: „אָ, דאָס!... ער לייקנט דאָך אַליין ניט אין דעם. אין זיינע נאַרישע יונגע יאָרן, אַן אומוויסנדיקער שוסטער־יונג איז ער צוגעשטאַנען צו אַ יוגנט־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע... אָבער ווען ער איז געוואָרן עלטער און אַ ביסל מער באַוואוסטזיניקער..."

"גוט־גוט... מיר ווייסן דאָס אַלץ. און אונדזער צווייטער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי יאַקאָוו לעווין, ער איז געווען אַ פירער פון דעם אידיש נאַציאָנאַליסטישן "בונד"...

"ער לייקנט דאָס אויך ניט!" — האָב איך אויסגעשריגן אַ ביסל נערוועז. "ער איז צו באַוואוסט געווען באַ די אידישע אַרבעטער מאַסן און אפילו ווען ער וויל וואָלט ער עס ניט געקענט לייקענען."

"אַזוי?.. נו, און יוסף ראבין, אים קענסטו דאָך גוט?"

"נאָר פון דער ליטעראַטור. ער איז אַ פיינער שרייבער... איך האָב געלעבט אין אָדעס און ער אין מאָסקווע. ביז זיין קומען קיין ביראָבידזשאַן האָב איך אים פערזענלעך ניט געקענט."

"פאַרוואָס האָט מען דעם באַוואוסטן שרייבער און סצענאַריסט, דעם פאַרדינסטן אַרטיסט פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק, גריגאָרי קאָבעץ ניט געוואָלט געבן אַ דירה אין שרייבער הויז?.

"ווייל די דירה אַוואו ער לעבט איז ניט ערגער ווי די דירות אין דעם שרייבער הויז."

"אַזוי? דו האַלסט מיט דעם אידישן נאַציאָנאַליסט, דעם אידישן שאָוועניסט יוסיף ראַבין?.. גריגאָרי קאָבעץ איז דאָך דיין כאַווער. ער קומט צו דיר אין שטוב זייער האָפט. און דו האָסט אַ רוסיש מיידל אַלס וויב, און דאָ ביסטו גאָר קעגן קאָבעצן!.."

"ניין איך בין ניט קעגן קאָבעצן!.. עס איז דאָ עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש"

"און יאָשאַ יאַסינסקין קענסטו?... ער, יאַסינסקי, זאָגט, אַז ראַבין איז נאָך אַלץ אַ בונדיסט און דאָבן איז נאָך אַלץ אַ ציוניסט!...

"איך ווייס ניט".. — האָב איך אויסגערופן.

"אַזוי?... נו, זאָג איך דיר, אַז ראַבין איז אַ אידישער נאַציאָנאַליסט און דו זאָלסט דאָס פאַרגעדענקען!" — ער האָט עפּעס אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט: "איך וועל דיך זעען מאָרגן." ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבן און איז אַוועק צונעמענדיק פון טיש די טעקע מיט אַלע פּאַפּירן.

מער האָב איך דעם יונגען ג.פּ.או. קאַפּיטאַן ניט געזעען. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען מיך באַפרייט. מע האָט מיר נאָר געצוואונגען זיך אונטערצושרייבן אויף אַ געדרוקטן פּאַפּיר, אַז אַלץ וואָס איך האָב געהערט און געזען אין דעם געהיימען פּלאַץ בלייט דאָס אַן אייביקע געהיימענעס און איך וועל דאָס קיינמאָל קיינעם ניט דערציילן.

ווען איך בין אַהיים געקומען האָב איך זיך דערוואוסט פון קסעניען, אַז נאָטע וויינהויז, קליטייניק, י. ראַבין און ה. דאָבין, און אויך אפילו דער בראַזיליאַנער באָרזשעס זיינען מיט אַ פּאָר טעג צוריק אַרעסטירט געוואָרן. און עמאַ קאַזאַקעוויטש און בוזי אָליעווסקי האָבן דאָ איבערגעלאָזט זייערע

בייסיקלעך מיט וועלכע זיי פלעגן אומפאָרן גאַנצע טעג איבער די גאַס, און זיי זיינען אַוועק צוריק קיין מאָסקווע.

זי אַליין, קסעניע האָט שוין געהאַט גרייט אירע און מיינע וואַליזעס, כּדי מיר אויך זאָלן גיכער פּטור ווערן פון דעם ביראָבידזשאַן, און זיך אומקערן צוריק קיין אָדעס.

## ווען אַ מענטש שלינגט איין אַן אַרשין

אין אָדעס האָב איך זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אין דער רוסישער צייטונג, וואָס דער מיליטערישער גאַרניזאָן פון דער רויטער אַרמיי האָט אַרויסגעגעבן. קסעניאַ איז צוריק געגאַנגען אַרבעטן אין אַ קינדער היים, און דאָס קינד אונדזערס איז צייטווייליק באַ איר מוטער געווען. און אַזוי איז אַריבער אַ יאָר... איך האָב געהאַט פריינט אין ביראָבידזשאַן און אין מינסק און זיך מיט זיי איבערגעשריבן. סטאַלין האָט געזעטיקט זיין לוסט נאָך נקמה אין זיינע אויסגעדאַכטע "פיינט פון פאָלק." עס איז געוואָרן שטילער, רואיקער און בעסער. מע האָט טויזנטער אַרעסטירטע באַפרייט און ריין־געוואַשן פון זייערע "זינד." נאָטע וויינהויז, הערשל דאָבין און יוסף ראבין זיינען אָפּגעקומען מיט אַ קליינער, אַן עטליכע חדשים׳דיקע שטראָף, און באַפרייט געוואָרן פון זייערע אַרעסטן.

אָבער אין דער גאַנצער וועלט, מיינסטנס אין אייראָפּע איז ניט געווען גוט. מוסאָליניס פאַשיזם און היטלערס נאַציזם האָבן געדראָדט דער וועלט מיט אַ פיזישן און גייסטלעכן חורבן. עס איז אָנגעקומען דאָס 1939 יאָר. סטאַלין האָט געשלאָסן אַ פאַררעטערישן אָפּמאַך מיט היטלערן און געגעבן אַ גרינע שיין פאַר די נאַצי־דייטשישע טרופּן צו מאַרשירן אויף פּוילן. דערנאָך האָט זיך רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד צעטיילט מיט פּוילן האַלב אויף האַלב. די זייט וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט רוסלאַנד איז געוואָרן סאָוועטיש און די זייט וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דייטשלאַנד איז געוואָרן נאַציש. די שטאָט לעמבערג מיט די אַרומיקע אידישע שטעטלעך און פּויליש־אוקראַינישע דערפלעך האָט מען צו־געטיילט צו דער אוקראַינישער סאָוועטישער רעפּובליק, און די שטאָט ביאַליסטאָק מיט די אַרומיקע אידישע שטעטלעך און פּויליש־ווייסרוסישע דערפלעך האָט מען צוגעטיילט צו דער ווייסרוסישער סאָוועטישער רעפּובליק.

פון גאַנץ פּוילן, איבערהויפּט פון וואַרשע און לאָדזש זיינען געשטראָמען אידישע פּליטים אין די טויזנטער קיין לעמבעריק און קיין ביאַליסטאָק זיך ראַטעווען באַ די סאָוועטן פון די דייטשישע מערדער און פּאָגראָמשטיקעס.

קיין ביאַליסטאָק, מיטן שטראָם פון די פּליטים זיינען אויך אָנגעקומען זייער פּיל אידישע שרייבער פון פּוילן און צווישן זיי אַ פּאָר צענדלינג לינקע און אויך אמתע קאָמוניסטן /כאָטש די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז פון סאָוועט־רוסלאַנד שוין אַ פּאָר יאָר געווען אַנולירט, צעטריבן און ניט אַנערקענט, צוליב



*1939 Nazi-Soviet Alliance. Joachim von Ribbentrop, Stalin and Molotov conclude their non-aggression pact.*

דעם וואָס דאָרט זיינען געווען צופיל קאָרופּטע מענטשן און פּראָוואָקאַטערן. מע האָט ניט געוואוסט ווער עס איז דאָרטן אַן אמתער, ערליכער קאָמוניסט און ווער אַ פּראָוואָקאַטאָר/. די אָ גרופּע לינקע אידישע שרייבער האָבן באַלד געגרינדעט אין ביאַליסטאָק אַ סאָוועטיש קאָמוניסטישע צייטונג אין אידיש וואָס זיי האָבן אָנגערופן "ביאַליסטאָקער שטערן." דער איינציקער אין דער גרופּע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אמתן און געטרייעם קאָמוניזם, כאָטש ער האָט אָפּיצעל נאָך ניט באַקומען צוריק דעם סטאַטוס פון אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז געווען הערש סמאָליאַר, אַ טונקלער יונגערמאַן מיט אַ פּאָר שוואַרצע בייז אויגן און אַ שטייפן געשטעל. זיין גאַנצער אויסזען איז געווען אַזאַ ווי ער וואָלט אין זיך איינגעשלונגען אַ סאָוועטיש־קאָמוניסטישן אַרשין און לויט דעם אַרשין האָט ער געמאָסטן צייט, געשעענישן און מענטשן. איבער דעם אַרשין האָט ער זיך ניט געקענט בייגן ניט לינקס און ניט רעכטס נאָר זיין אָנגעצויגן און אָנגעדרייט ווי אַן אָטאָמאַטישע מאַשין און ניט ווי קיין באַרעכנטער מענטש: הערש סמאָליר איז דאָס געווען דער וואָס האָט "געגרינדעט" די אידישע קאָמוניסטישע צייטונג אין ביאַליסטאָק א. נ. "ביאַליסטאָקער שטערן." אָבער די סאָוועטן, די פּאַרטיי און

די רעגירונג האָט הערש סמאָלירן, מיט זיין גאַנץ פרום־קאָמוניסטישער איבערגעבנקייט, ניט געטרויעט און דערפאַר האָט מען פון מינסק אַריינגעשיקט קיין ביאַליסטאָק אַן אַלטן קאָמוניסט, אַן "איד־סעקצעוויסט" ברוך שולמאַן אַז ער זאָל ווערן דער הויפּט רעדאַקטער פון דעם "ביאַליסטאָקער שטערן" און ער, סמאָליאַר זאָלן זיין ניט מער ווי דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע. אָבער הערש סמאָליאַר האָט זיך געהאַלטן באַ זיך גרויס און שטייף, גלייך ווי ניט ברוך שולמאַן איז דער רעדאַקטער, נאָר ער, סמאָליאַר, איז דאָס גאָר...

ווער איז ברוך שולמאַן? אַ שטיל גוט־מוטיק מענטשל, אַ געוועזענער ישיבה בחור, וואָס איז אַוועק פון רעליגיעזער אידישקייט און זיך באַקערט צו וועלטלעכער אידישקייט און שפּעטער געוואָרן אַ קאָמוניסט, אָבער דאָך האָט ער ליב געהאַט אַ מאָל אַריינוואַרפן אין זיינע רייד אַ תלמודיש ווערטל, אָדער אויסדרוק. אין מינסק איז ער געווען דער "גלאַוו־ליט", דער צענזור איבער אַלץ וואָס איז געדרוקט געווען אין אידיש, איבער די צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. ער האָט אויך צענזורירט מיינע ביכער, וואָס זיינען דערשינען אין מינסק. איז אָט דעם גוטן מענטש /כאָטש אויך אַ גוטער קאָמוניסט/ האָט די צ.ק. /צענטראַל קאָמיטעט/ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד, געשיקט קיין ביאַליסטאָק, אַז ער זאָל דאָס זיין דער הויפּט רעדאַקטאָר פון דעם "ביאַליסטאָקער שטערן".

אַרבעטנדיק און אָדעס אין אַ רוסישער צייטונג צוליב פּרנסה האָב איך דאָך ניט אָפּגעגעבן מיין ליטעראַרישע אַרבעט אין דער אידישער שפּראַך, אַ לשון וואָס איך, האָב אַזוי ליב געהאַט פון מיין קינדערהייט אָן. אין מינסק זיינען דערשינען מיינע ביכער וועגן ביראָבידזשאַן: "טייגע־בערג"; "אַ בריק איבער דער ביראָ"; און איצט מיין לעצט און בעסט בוך וועגן ביראָבידזשאַן: "דער ערשטער יעגער."

פּאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אין אָדעס האָב איך אויך אָנגעשריבן אַ נייעם גרויסן ראָמאַן וואָס איך האָב אָנגערופן **"דאָס אינגל פון אָכרימאָווע".** איך האָב זייער געוואָלט אָפּדרוקן דעם ראָמאַן און איך האָב דעם מאַנוסקריפּט אַוועקגעשיקט קיין מינסק צו מיין גוטן פריינט זיאַמע צירלין וועלכער איז שוין דאַן געווען דער הויפּט פאַרוואַלטער און רעדאַקטער פון דעם אידישן אָפּטיילביים ווייסרוסישן מלחה פאַרלאַג. צירלין האָט דעם כתב־יד איבערגעגעבן צו דעם דאַמלטיקן באַוואוסטן קריטיקער און ליטעראַטור פאָרשער אורי פינקעל און פינקעל איז פון צירלינען באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטער פאַרן אַרויסגעבן דאָס בוך, ווייל פינקעל האָט שטאַרק געלויבט דעם ראָמאַן.

מיט צירלינען האָב איך זיך באַפריינדעט אין די פּאָר מאָל וואָס איך בין געווען אין מינסק. צירלין איז אַ שטילער און אַ הויך־געבילדעטער און זייער בנעימותער מענטש. אויסער אידיש האָט ער געקענט פערפעקט די ווייס־

רוסישע און די רוסישע שפּראַכן. ער האָט געהאַט אַלע מיגליכקייטן צו וואַקסן און מאַכן אַ גוטע קאַריערע מיט זיינע קענטעניש̈ן. ער האָט זיך אָבער געקלאַמערט אין דעם אידישן סעקטאָר. אויפגעפירט האָט ער זיך ניט גרויסהאַלטעריש, ווי אַנדערע, וואָס האָבן פאַרנעמען הויכע אַמטן. זיין פּשטות איז געווען צו באַוואונדערן, כאָטש אַן אַנדערער אויף זיין אָרט און אין זיין פּאָזיציע וואָלט שטאַרק געבלאָזן פון זיך. אונדזער פריינטשאַפט איז געווען זייער אַ וואַרימע, אַ חברישע און אַן אויפריכטיקע. פאַרוואָס האָט צירלין מיט מיר זיך אַזוי געחברט און וואָס האָט ער אין מיר געזעען?.. קען זיין אַז מיין ביסל טאַלאַנט, מיין אויפריכטיקער גאַנג אין לעבן און דער עיקר מיין פשטות, וועלכע האָט זיך געגלייכט צו זיינער, האָט געפירט צו אונדזער אמת'דיקער פריינטשאַפט. צירלין האָט שטאַרק פיינט געהאַט מענטשן מיט פאַריסענע נעז און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פונקט אַזוי ווי איך האָב זיי פיינט... צירלין האָט מיר געהאַט געשריבן, אַז עס וואָלט געווען גוט ווען איך קום אַליין קיין מינסק כדי אונטערצושרייבן דעם קאָנטראַקט פאַר דעם דרוקן מיין נייעם בוך. ער האָט מיר אויך געשריבן וועגן אַ דעלעגאַציע פון אידישע סאָוועטישע שרייבער /פעפער, מאַרקיש, גאָדינער און אַנדערע/ וואָס ווילט איצט אין ביאַליסטאָק און וועגן דער נייער צייטונג "ביאַליסטאָקער שטערן" וואָס דערשיינט איצט דאָרט, און וועגן אַ גרויסער אידישער לייענערשאַפט אין ביאַליסטאָק.

איבערלייענענדיק די אָ בריוו האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין מינסק. איך האָב פון מיין אַרבעט גענומען אַ צוויי־וואָכיקן אורלויב און פאַרלאָזט אָדעס.

אין מינסק, אויפן וועג אַהיים קיין קיעוו און קיין מאָסקווע, האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף עטליכע טעג, די שרייבער פון דער דעלעגאַציע, וועלכע האָבן באַזוכט ביאַליסטאָק. איך געדענק ניט צי איך האָב זיי געטראָפן אין אידיש אָפּטייל פון דעם ווייס־רוסיש̈ן פאַרלאַג, צי אין דער אידישער צייטונגס־רעדאַקציע "אָקטאָבער." איך געדענק נאָר, אַז זיי האָבן זיך באַקלאָגט, אַז אין דער ניי־געשאַפענער צייטונג "ביאַליסטאָקער שטערן" פילט זיך ניט קיין שום גייסט פון סאָוועטישקייט. די מענטשן, וואָס אַרבעטן דאָרט מעגן אפילו זיין פּאַטריאָטן פון סאָוועט־רוסלאַנד', אָבער זיי ווייסן פשוט ניט וואָס סאָוועטישקייט איז... און דערפאַר זיינען זיי געווען אין דעם פּרעסע־אָפּטייל פון דער צ.ק. פון דער ווייסרוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און געבעטן, אַז מע זאָל אַהין שיקן אַ סאָוועטיש־אידישן שרייבער כדי ער זאָל דאָרטן איינפירן אַ שטיקל טאָלק און אָרדענונג. דער איינציקער סאָוועטישער מענטש וואָס געפינט זיך דאָרט, דער רעדאַקטאָר ברוך שולמאַן, קען זיך איינער אַליין ניט ספּראַווען מיט אַ סטעף שרייבער, וועלכע זיינען אַלע פון טיף פוילן. דערביי האָבן זיי עפּעס דערמאָנט אַ איינעם מיטן נאָמען הערש סמאָליאַר, אַז דער מענטש איז נישט קיין סימפּאַטישער און אויף אים קען מען זיך ניט פאַרלאָזן...

ווען די שרייבער האָבן מיך דערזעען, איבערהויפּט פעפער, און זיך

דערוואוסט, אַז איך אַרבעט גאָר אין אָדעס אין אַ רוסישער צייטונג האָבן זיי מיר געראָטן, אַז איך זאָל פאָרן קיין ביאַליסטאָק צו אַרבעטן דאָרט אין דער ניי געשאַפענער אידישער צייטונג. געדענק איך ביז איצט ווי איין שרייבער, פון דער גרופּע, האָט זיך צעוויצלט אויף מיין אַדרעס, זאָגנדיק: "נו, און אַז מע אַרבעט אין אַ מיליטעריש־רוסישער צייטונג, צוליב פּרנסה, מיינט דאָס ניט אַז מע דאַרף אַוועק פון דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע. מע קען נאָך, "גאָט צו דאַנקען", פון סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור און פּרעסע האָבן שיין פּרנסה..." קורץ: מע האָט מיך איינגערעדט. מע איז אַוועק מיט מיר אין דער צ.ק. פון פּאַרטיי, און דאָרט, אין דעם "פּרעסע אָפּטייל" בין איך רעקאָמענדירט געוואָרן אַז מע זאָל מיך שיקן קיין ביאַליסטאָק אויף אַרבעט אין דער ניי־געשאַפענער צייטונג. מע האָט מיך דערלויבט צוריקפאָרן קיין אָדעס און זיך באַפרייען פון מיין אַרבעט אין דער רוסישער צייטונג און ניט שפּעטער ווי אין צוויי וואָכן אַרום זאָל איך שוין זיין אין ביאַליסטאָק.

זאָגן אַז קסעניע איז געווען צופרידן פון מיין נייער איבערוואַנדערונג פון איין פּלאַץ צו אַן אַנדערן, קען איך ניט. פּאַקערט זי האָט מיר אַ זידל געטאָן:

"געדענק, גרישאַ, אַז דער ביאַליסטאָק וועט זיין אַ מין אַנדער בירָאָבידזשאַן. — פאָר ניט!"

אָבער ווי האָב איך געקענט ניט פאָרן, אַז איך האָב שוין געהאַט די פּוטיאָווקע" פון דער צ.ק. און איך האָב איצט געמוזט פאָרן. און אַזוי האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין געליבט בלאָנדער כאַווערטע און מיט אונדזער געראָטן אינגעלע און בין אַוועק... איך האָב צוגעזאָגט קסעניען, אַז אויב עס וועט מיר ניט געפעלן וועל איך דאָרט מער ווי איין חודש ניט בלייבן. איך וועל שוין אויסקאָמבינירן, אַז מע זאָל מיך לאָזן פריי... און טאָמער געפעלט מיר יאָ, איז ווי נאָר איך קריג אַ פיינע דירה אַזוי נעם איך זי מיטן קינד צו זיך.

אין רעדאַקציע פון "ביאַליסטאָקער שטערן" האָט מיך ברוך שולמאַן, דער רעדאַקטאָר, אויפגענומען מיט חברישער און פריינטליכער וואַרימקייט. "עפּעס אַ קליינינקייט, אַז די צ.ק. פון דער פּאַרטיי האָט מיך געשיקט מוז איך דאָך זיין געוויס אַ "קאָמיסאַר", וואָס וועט דאַרפן אויפפּאַסן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אַ סאָוועטישער אָרדענונג." אַזוי האָבן געדענקט די מיטאַרבעטער פון דער צייטונג. דער איינציקער וואָס האָט מיך באַגעגנט אַ פאַרצאָרנטער איז געווען הערש סמאָליאַר.

* * *

און מיט דעם וויל איך פאַרענדיקן מיין "בינטל זכרונות" וועגן דער בירָאָבידזשאַנער טראַגי־קאָמעדיע, ווי אויך וועגן דעם וואָס מיט מיר איז געשען נאָך דעם וואָס איך בין אַ געראַטעוועטער אַוועק פון בירָאָבידזשאַן ביז איך בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

אָ, מיר האָבן דאַן אַלע געהאַט אונדזער פּאָרציע "יוגנט־זינד"... געוועזט איז אָבער אין דעם צי מע האָט שוין איצט, נאָך אַזויפיל אָפּגעלאָפּענע און אויסגעפּרוּװוטע יאָרן, אויפגעהערט צו זינדיקן. צי האַלטן מיר נאָך אין זיך דעם סטאַליניסטיש־קאָמוניסטישן אַרשין, וואָס מיר האָבן אין אונדזערע יונגע יאָרן איינגעשלונגען, אָדער מיר האָבן אים שוין אויסגעשפּיגן !... מיר זיינען געוואָרן עלטער און מער באַרעכנטע... עס איז צייט זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון הנפש...

אָ, גאָט וואָס האָב מיר ניט איבערגעלעבט זינט היטלער־סטאַלינס מלחמה ?.. זעקס מיליאָן אידן האָט היטלער /מיט סטאַלינס הילף/ אומגעבראַכט. ניטאָ קיין איין איד אין דער וועלט באַ היינטיקן טאָג וואָס האָט ניט פאַרלוירן עמיצן פון זיין פאַמיליע. איך זעלבסט האָב איבערגעלאָזט אין היטלערס מאַסן־קברים מיין אַלטע מוטער, צוויי ברידער און אַ שוועסטער און אַלע מיינע קרובים. מיין 20־יאָריקער זון איז פאַרברענט געוואָרן אין אַ טאַנק אויפן פראָנט אין קאַמף קעגן די נאַציעס. מיין 4־יאָריק אינגעלע, מיין ליב אַלעקסאַנדרל, אַלינקאַ איז ניטאָ מער. קסעניע איז אויך אומגעקומען. אין קאַמף קעגן די היטלער־דייטשן בין איך פאַרוואונדעט געוואָרן. נאָך דער קריג, אין יאָר 1946 האָב איך שוין מער אין דעם סטאַליניסטישן רוסלאַנד ניט געוואָלט בלייבן. איך האָב זיך געלאָזט אויף קידוש השם, אַבי צו אַנטלויפן פון דעם פאַרשאָלטענעם סאָוועט־רוסלאַנד און אָנקומען קיין ישראל און זיך פילן ווי אַ גוטער און פרייער איד און מענטש. נאָך דער מלחמה מיט די אַראַבער בין איך אַוועק קיין אַמעריקע אָפּצוזוכן מיין טאַטן, דעם רב. איך האָב געוואָלט זעען און קענען מיין טאַטן. איך האָב אים דאָ געפונען, נאָר שוין אַ טויטן... דערנאָך האָב איך דאָ חתונה געהאַט פאַר אַ וואויל אידיש מיידל, אַן אַמעריקאַנערן, אַן ענגלישע לערערן. איך האָב מיט איר אָפּגעלעבט אַכצן גליקליכע יאָר. און פּלוצים איז זי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן פון קענסער. נו, אַז מע לעבט איבער דאָס וואָס איך האָב דאָ ערשט דערמאָנט איז אָדער מע מוז זיך אַליין נעמען דאָס לעבן, אָדער, אַז מע בלייבט נאָך אַלץ לעבן, מוז מען זיך ענדערן... מע מוז ווערן אַ מענטש, אַ גוטער מענטש, אַ אידישער מענטש, ווייל מע קען שוין מער ניט גייען אין די דרכים פון אַ פאַלשן, אַ מעשוגענעם און אַ רוצח׳דיקן "גאָט" וואָס האָט געהייסן **יוסף סטאַלין.**

פון אַלע קאָמוניסטיש און לינקאַטישע אידישער שרייבער, וועלכע זיינען אַוועק פון דעם קאָמוניסטיש־סטאַלישן רוסלאַנד און פוילן מיט דעם אייגענעם ווילן, צי אפילו ווייל מע האָט זיי פון דאָרט אַרויסגעטריבן, קען איך נאָר, אויף די פינגער געציילטע, אויפריכטיקע, און ניי־געבוירענע מענטשן. דאָס איז דער דיכטער און קעמפער פאַר מענטשלעכער פרייהייט, פריינט **יוסף קערלער** און דער דיכטער און וויסנשאַפטלער **דוד ספאַרד** און די עטליכע אַנדערע וואָס איך ווייס ניט אָדער איך געדענק ניט זייערע נעמען.

דוד ספאַרד האָט אין זיינע לידער געשריבן, לעצטנס /און איך ציטיר נאָר אַ פּאָר שורעס/

כ׳בין נישט פריי פון זינד,<br>
כ׳קאָן נישט רימען אַלע מיינע טאַטן —<br>
כ׳האָב אויך אַמאָל אויף בלינד<br>
אַ מענטש אַן עלענטן פאַרראָטן,<br>
פאַר שרעק — דעם אמת נישט געזאָגט<br>
און געלאָזט מיט צביעות זיך פאַרוויגן.

אַזאַ אָ מודה זיין איז צו באַוואונדערן. אַזאַ אָ שלאָגן זיך אויפריכטיק על חטא הער איך פון דעם אָ וואונדערליכן דיכטער און מענטש דוד ספאַרד. איך קען דאָס ניט זאָגן וועגן הערש סמאָליר וועלכן מע האָט אַרויסגעטריבן פון דעם קאָמוניסטישן פוילן און איז איצט אין ישראל נאָך אַלץ אַ קאָמוניסט. איך קען דאָס אויך ניט זאָגן וועגן אַ סך ״געוועזענע״ וואָס בענקען נאָך אַלץ נאָך די ״גוטע צייטן״ ווען די ״איד־סעקציע״ האָט געפירט אַלעמען ביי דער נאָז און אַנשטאָט אידישקייט האָט מען געפּריידיקט קאָמוניסטישקייט נאָר אין אידישע רייד און מיט אידישן אלף־בית...

*) איך האָב דאָ ניט דערמאָנט די איבעריקע שרייבער, דיכטער און אַנדערע פען־מענטשן, וועלכע האָבן דאַן געלעבט אין ביראָבידזשאַן, ווייל איך געדענק פשוט ניט זייערע נעמען. עס איז דאָך געווען צוריק מיט 45 יאָר. אָבער גראָד איצט, ביים שרייבן, האָב איך זיך דערמאָנט:

עס האָט אין יענער צייט אויך געלעבט אין ב.ב. די שרייבערן אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן. זי לעבט איצט אין ישראל און זי שרייבט זייער פיל זכרונות וועגן ב.ב. און דרוקט זיך זייער פיל מיט אירע ״זכרונות״ אין ״צוקונפט״ און אן אַנדערע אויסגאַבן. פאַרוואָס זי האָט ניט באַזוכט קיין מאָל די שרייבער גרופּע און זי האָט ניט באַלאַנגט צו איר, דאָס ווייס איך ניט. איך ווייס אפילו ניט מיט וואָס זי האָט זיך דאָרט באַשעפטיקט..

**אויך ארל ווערגעליס האָט דאַן געלעבט אין ב.ב. און ער האָט זיך געלאָזט הערן מיט זיינע אָנפאַנג־לידער. אָבער צו דער ב.ב. שרייבער גרופּע האָט ער ניט זיך צו־געטולעט. /צי אפשר האָט מען אים ניט געוואָלט?.. יעדנפאַלס איז ער גיך פאַרשוואונדן... ער האָט גיך אויפגעטויכט אין מאָסקווע, ווי אַ סטאָכאַנאָוועץ פון דער יידישער ליטעראַטור.**

## אויסצוגן: אָפּרופן פון דער קריטיק וועגן דעם ראָמאַן

/אין 2 בענד/

# ״קאָמיסאַרן״

**חיים ליבערמאַן / ״פאָרווערטס״ מאַרטש 18, 1963**

״עס איז דורך און דורך אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, נאָר די אויטאָביאָגראַפיע פון דעם פּראָפעסאָר איז — די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. דורכן שפּאַקטיוו פון אַן איינצעלנעם לעבן ווערט דאָ געזעען די גוואַלדיקע איבערקערעניש פון דעם גוואַלדיקן לאַנד, וואָס האָט צעטרייסלט די גאַנצע וועלט... הערשל וויינרויך האָט דערגרייכט אַ הויכע דערגרייכונג. ער האָט געפונען אַ מערקווערדיקן, אין פלוג זייער פּשוטן, אָבער קינסטלעריש העלד, אַ שרייבער מיט אַ רעבעלישן געוויסן... אַ ברייטע עפּאָפּייע איז דער ראָמאַן ״קאָמיסאַרן״ און אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג... וואויל צו דעם שרייבער! ניט קיין ווערק האָט ער אָנגעשריבן, נאָר אַ וואוילטאַט האָט ער געטאָן, אַ חסד מיט זיין שפּראַך, זיין פאָלק און זיינע מיטמענטשן.״

**ל. פיינבערג / ״טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ דעצעמבער 2, 1962/**

״וויינרויך האָט אונדז געוואָלט געבן דאָס לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד פון די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע ביזן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אונדז ווייזן, ווי אַזוי אַ נייע קאַסטע, די ״קאָמיסאַרן״ מיט סטאַלינען בראש, האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט, זיך אַרויפגעזעצט אויפן קאַרק פון דעם רוסישן פאָלק און עס געשטיקט פיל ערגער, ווי די צאַרישע טשינאָווניקעס — און דאָס איז אים אויף אַלע הונדערט פּראָצענט געלונגען... וויינרויך מיט זיין בוך האָט געעפנט פאַר אונדז אַ גאַנץ ברייט טירל אין דעם ״אייזערנעם פאָרהאַנג״ פון דעם געהינעם, וואָס רופט זיך ״דער סאָוועטישער ״גן־עדן״ — און דאָס וואָס מיר האָבן דערזען, איז געווען גענוג, אַז אונדזערע הערצער זאָלן אויפשוידערן פון דעם שרעקליכן בילד.״

**יעקב באָטאָשאַנסקי / ״די פּרעסע״ בענוסיירעס, סעפּטעמבער 21, 22 און 25, 1962/**

״די גרויסע מעלה פון די ״קאָמיסאַרן״ איז, וואָס דאָס בוך לייענט זיך. דו מוזט עס אויסזאַפּן, אַזוי ווי אַ באָק קאַלטן ביר אין אַ שטאַרק הייסן זומער־טאָג. עס פאַרכאַפּט דיך און דו ווערסט אַריינגעדרייט ביים לייענען ווי אין אַ שטורם... ״קאָמיסאַרן״ איז אַ בוך צום לייענען און צום טראַכטן מיט אַ היפּש

ביסל ווערטפולע שטעלן און מיט אַ סך קאַפּיטלען סאָציאַל פּאָליטישע געשיכטע... עס איז אַ פּרואוו אָנצוכאַפּן באַ די הערנער אַ גאַנצע עפּאָכע, אַלציינס ווי מע כאַפּט אַמאָל אַ צעווילדעוועטן אָקס".

***בנציון ברוקער /אילוסטרירטער זשורנאַל נומ. 94.־95, סעפּט. 1962/**

**"צווישן די וואָס האָבן אויסגעקליבן די פרייהייט האָט זיך געפונען בלויז איין יידיש־סאָוועטישער שרייבער — הערשל ווײַנרויך — וועמען עס איז געלונגען זיך אַרויסצוקריגן פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג... הערשל ווײַנרויך האָט אונז געגעבן אַ ברייטע לייוונט פון האַנדלונגען און געשייעניששן וואָס זיינען אָפּט געווען אומפאַרשטענדלעך, אַ רעטעניש פאַר אַ דרויסנדיקן מענטשן... מיר טרעפן זיך דאָ אָן אויף אַ געדאַנקען רייכע פּאָלעמיק איבער פּראָבלעמען וואָס זיינען אַקטועל און גייען נישט אַראָפּ פון סדר־היום ביז היינט. אַ סך סצענעס זיינען געשילדערט דראַמאַטיש."**

*)**בנציון ברוקער**: ליבער און חשובער פריינט ווײַנרויך! באַלד נאָך דער מלחמה, ווען איך האָב געהאַט צו טאָן מיט סאָוועטישע יידן, וועלכע זיינען פון דאָרט אַוועק, האָב איך מיר געוואונדערט, הלמאי מ׳זעט ניט קיין איין יידישן שרייבער, וואָס זאָל פון דאָרט אַוועק. שפּעטער, בין איך געוואָר געוואָרן וועגן אייך און מ׳האָט מיר אויך אינפאָרמירט, אַז דער "יידישער קראַווטשענקאָ" ווערט דורך אחינו בני ישראל נישט אויפגענומען אַזוי ווי די גויים נעמען אויף זייערע ברודער, וועלכע ווײַלן אויס די פרייהייט, נישט רעכענענדיק זיך אויך מיטן פאַקט, וואָס מיר האָבן בלויז אַ בן יחיד, וועלכער איז הערשל ווײַנרויך.

**ש. אַפּטער** /פרייע אַרבעטער שטימע. מערץ 15, 1963/

דאָס בוך איז אַ ווידוי פון אַן אומגליקליכן יידיש־רוסישן שרייבער... קיין שום מחבר וואָס האָט ווען עס איז געשילדערט די יידיש־סאָוועטישע שרייבערס, איז נישט צוגעגאַנגען צום ענין אַזוי אינטים נאָענט ווי הערשל ווײַנרויך... ער קען אויך געבן אַ ברייטע שילדערונג."

**ש. אַפּטער**: איך ווינטש דיר אַ סך הצלחה מיט דיין נייעם בוך. דו האָסט עס דערוווערט מחמת דיין בוך איז אַ וויכטיקער אויפטו צו דערזעען דאָס פינצטערע לעבן פון סאָוועטן פאַרבאַנד בעת דו האָסט דאָרט געלעבט. איך פאַרהאָף, אַז מיט דעם בוך וועט זיך אָנהויבן אַ ניי און דערפאָלגרייך קאַפּיטל אין דיי שאַפערישן לעבן.

**צבי שטאָק**: איך האָב איבערגעלייענט אייערע צוויי טיילן פון בוך "קאָמיסאַרן" — ס׳איז אַן אינטערעסאַנט בודו ביז גאָר. /.../ די טיפן־שילדערונגען און די געקייטלטע, און געשפּינט־און־געדרייטע עפּיזאָדן זיינען פּרעכט און היימיש געשילדערט אין גאָר אַ סובטילן און פּליסנדיקן סטיל, אַ סימן, אַז איר זיינט אַ גוטער און באַגאַבטער שרייבער און דערציילער בחסד.

/.../ עס קומט אייך אַן אמת׳ער יישר־כוח (און ס׳וואָלט כדאי געווען אַז אייער מערכה זאָל זיין אַ סך אַ בעסערע,) /.../

**הלל ראַגאָף**: /פון אַ בריוו געשריבן צו הערשל ווײַנרויך־ווינאָקור דעם 14־טן יאַנואַר, 1948/

״ליבער פריינט ווײַנרויך:

אייער אַרטיקל וועגן תל אביב וועט געדרוקט זיין דעם קומענדיקן שבת. עס איז אַ שיינע פּאָעטישע שילדערונג, וואָס איך גלויב וועט מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף די בעסערע לייענער.

איך וואָלט אויך געקענט דרוקן פון צייט צו צייט אַן ערציילונג אייערע.

אויב דער סוזשעט איז פון ארץ ישראל איז אַוודאי גוט. אַ סאָוועטישער סוזשעט וועט אויך זיין אָנעמבאַר. איך לאָז דאָס צו אייך. שיקט מיר ערצעהלונגען פון צוויי ביז פיר קאָלומס די גרויס.

אייער גרעסערן ראָמאַן האָבן געלייענט צוויי מיטגלידער פון דער רעדאַקציע, און זייער מיינונג איז זעהר אַ גינסטיגע. איינער איז זאָגאַר באַגייסטערט.

און שיקט מיר אויך די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון אייער אויטאָביאָגראַפיע, ״ליבע לויט באַפעל.״

מיט פריינטליכען גרוס,

**הלל ראָגאָף**
פאַרוואַלטונגס רעדאַקטאָר״

## ״קאָמיסאַרען״
### פון חיים ליבערמאַן

נאָך לאַנגע טעג און נעכט פון פאַרטיפט זיין און פאַרשלונגען זיין, האָב איך ענדלעך, מיט אַ נאָגענדיגער בענקשאַפט, געענדיגט לייענען ״קאָמיסאַרען״, אידישען ראָמאַן פון סאָוועטישען לעבען, פון הערשל ווײַנרויך, אידישער שרייבער פון סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס געפינט זיך די לעצטע יאָרען אין אַמעריקע. און אַז איך האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון איבער די לעצטע בלעטער און האָב גענומען אונטערציהען דעם סך־הכל, האָב איך זיך ניט געקענט באַפרייען פון אַ מאָדנעם געדאַנק, וואָס האָט מיר פאַרפאָלגט דורך דער גאַנצער צייט פון דעם לייענען, אַז ערגעצוואו און ערגעצוווען האָב איך שוין עפּעס אַזעלכס געלייענט, עפּעס פון גאָר אַן אַנדער צייט און אַן אַנדער וועלט ווי די צייט און וועלט וואָס ווערען געשילדערט אין ״קאָמיסאַרען״, אָבער דאָך גוואַלדיג ענליך און נאָהענט; נאָר ווען? וואו? וואָס?

ווען איך האָב זיך שוין געהאַט מייאש געווען און האָב געטריבן דעם געדאַנק פון זיך, האָט דער זכרון, אונזער געטרייעסטער דינער, שטיל געטאָן זיין אַרבעט: ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט טיף אין מיין געדעכעניש און האָט דאָרט געזוכט און געניששטערט צווישן אַלטע, האַלב־פאַרמעקטע, האַלב־פאַרוועלקטע בלעטער, און פּלוצלינג האָט ער זיך באַוויזן און אויסגערופן: ״יורעקא״!, איך האָב געפונען...

און ער האָט מיר געבראַכט ״דהי קאָל אָוו דהי וואַילד״, פון דזשעק לאָנדאָן.

וואָס פאַראַ סמיכות הפרשה קען זיין צווישן ״דהי קאָל אָוו דהי וואַילד״, וואָס איז אַן ערצעהלונג וועגן אַ הונט, געשריבן אין יאָר 1903, פון אַן אַמעריקאַנער שרייבער, מיט אַ ראָמאַן וועגן דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, געשריבן פון אַ אידישן שרייבער?

אויבנאויף קיין שום שייכות, אָבער אין דער טיף — ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

מיר וועלן נאָר אַ רגע באַטראַכטן דזשעק לאָנדאָנ׳ס ״קאָל אָוו דהי וואַילד״, דער רוף פון דער ווילדקייט. די וויסענשאַפט לערנט אונז, אַז דער הונט שטאַמט פון דעם וואָלף; ס׳איז דער וואָלף, וואָס דער מענטש האָט געמאַכט היימיש. נאָר אָט איז דער הויזליך־פרידליכער און היימיש־פריינדליכער הונט ״באָק״ מגולגל געוואָרן אין אַ ווילדער סביבה און איז אַריינגעפאַלן צווישן בייזע מענטשן און חיות, וואָס האָבן אים געפּייניגט אין טויט אַריין. כדי זיך צו פאַרטיידיגן, ווערט ער ביסלעכווייז אַליין בייז און בייזער, ביז ער ווערט צוריק אַ וואָלף און אַפילו דער פירער פון אַ טשאַטע וועלף. און דער פירכטערליכער צויבער פון דזשעק לאָנדאָנ׳ס ערצעהלונג באַשטעהט אין דער שילדערונג ווי אַזוי ״באָק״, דער הונט, וויקעלט זיך אָפּ פּאַמעליך־פּאַמעליך צוריק צו דער טבע פון אַ וואָלף.

די זעלבע שפּאַנונג און דער זעלבער אונהיימליכער צויבער ליגט אויסגעגאָסען איבער הערשל וויינרויכ׳ס ראָמאַן ״קאָמיסאַרען״.

דער ראָמאַן הויבט זיך אָן גאַנץ פרי נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע גופא זעהען מיר ניט. דער בירגער־קריג איז שוין געענדיגט, די באָלשעוויסטישע מאַכט איז שוין קאָנסאַלידירט, עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן די אינערליכע קאָנסאַלידירונג, דער אינערליכער איבערבוי. די אַלטע אָרדנונג שטעקט נאָך אַרויס אויף אַלע זייטן: מענטשן זיינען נאָך מענטשליך, די מאָראַל איז נאָך מאָראַליש, קינדער זיינען נאָך קינדעריש און ווילן נאָך עסען — די ערשטע סצענע איז פון אַ גרופּע הונגעריקע קינדער וואָס געהען אַרויס זוכן שפּייז — און דער פאַרפאַסער וויקעלט פאַנאַנדער פאַר אונז די היסטאָרישע פּאַנאַראַמע פון דער גאַנצער עפּאָכע, די פּראָצעסן פון טעראָר, הונגער און בלוט, דורך וועלכע די באָלשעוויסטישע דיקטאַטור האָט געאַרבעט

כדי איבערצובויען די פסיכאָלאָגיע פון די מענטשען, אונמיר זעהען ווי׳אַזוי דער מענטש, וואָס איז — לפּחות ניט וועניגער ווי דער הונט "באָק" — געווען הויזליך און פאַרהיימישט מיט זיינע מיט־מענטשן, לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט אין אַ חיה׳שער באַשעפעניש. דער באָלשעוויק־קאָמוניסט איז, אַזוי ווי "באָק", געוואָרן דער פירער פון אַ טשאַטע וועלף, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף אַלע באַשעפענישן אין זייער געביט, און האָבן צעריישט און פאַרצוקט אַלע "געגנער" און "שונאים". ביז די סאָוועטיש געזעלשאַפט ווערט צעטיילט אין צוויי מחנות: טעראָריסטן און טעראָריזירטע.

און הערשל וויינרויך האָט פאַרמאָגט אַלע נויטיגע קוואַליפיקאַציעס פון אַזאַ ווערק. ער האָט געשריבן דעם ראָמאַן ניט פון "קאָפּ" און ניט פון דאָקומענטען, נאָר דירעקט פון רויען לעבען; פון אייגענעם לעבען. ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער אינגל ווען די רעוואָלוציע איז געשען. ער איז געווען אַן אידעאַליסטיש קינד און איז מיט אַ ריינעם האַרצן אַריין אין דעם מעכטיגען שטראָם פון דער איבערקערעניש. ער האָט מיטגעליטן, מיטגעהונגערט, מיטגעאַרבעט; איז אַריין אין שולעס און פאַקולטעטן און האָט געלערנט; האָט געדינט אין דער רויטער אַרמיי. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַן אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי, איז געווען אויפן פראָנט, האָט געקראָגן אַן אָרדען. איז געוואָרן טעטיג אַלס שרייבער, אין רוסיש און אידיש, שפּעטער דורכאויס אין אידיש; אַ מיטגליד פון אַנטי־פאַשיסטישען קאָמיטעט, איז געווען אין ביראָ־בידזשאַן — מיט איין וואָרט, דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרימס.

ס׳איז דורך און דורך אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, נאָר די אויטאָביאָגראַפיע פון דעם פאַרפאַסער איז — די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. דורך דעם שפּאַקטיוו פון אַן איינצערלעבן??? ווערט דאָ געזעהן די גוואַלדיגע איבערקערעניש פון דעם גוואַלדיגן לאַנד, וואָס האָט צעטרייסלט די גאַנצע וועלט. אין דער אייגענער צייט, אין מאָראַלישן זין גענומען, איז עס די גרעסטע גייסטיגע קאַטאַסטראָפע אין דער מענטשליכער געשיכטע. וואָרים דאָ איז דער שענסטער אידעאַל פון די שענסטע טרוימער פון אַלע דורות פאַרראַטן געוואָרן: דאָס וואָס האָט געזאָלט זיין אַ גאולה איז געוואָרן אַ שקלאַפעריי.

און דאָס איז די טעמע פון "קאָמיסאַרען". ניט קיין גרינגע טעמע צו באַהערשן און אונטערברענגען אונטער קינסטלערישער דיסציפּלין. אָבער הערשל וויינרויך האָט דערגרייכט אַ הויכע דערגרייכונג. ער האָט געפונען אַ מערקווירדיגען, אין פלוג זעהר פּשוט׳ן, אָבער קינסטלעריש זעהר פרוכטבאַרען איינפאַל. ער האָט געבויט זיין ווערק אַרום אַ שרייבער אַלס הויפּט העלד, אַ שרייבער מיט אַ רעבעלישן געוויסן. אַ געוויסן וואָס האָט זיך ניט געלאָזט איינצאַמען פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור. מיכל קרוגער איז

דער נאָמען. אַ איד, אָבער ער שרייבט אין רוסיש. ער איז נאָך אַן אָנפאַנגער, אָבער ער ציהט גרויס אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע ערשטע דערצעהלונגען און זיין ערשטן גרעסערן ראָמאַן.

ווי אַן "אויפגעהענדיגער שטערן", אין דער ליטעראַטור און דערצו נאָך אַ דערדינטער מיט אַן אָרדען, האָט ער צוטריט צו די העכסטע קרייזן פון דער מאַכט, אַפילו אין קרעמל, און קריגט די ערלויבעניש אַרומצופאָרן אומעטום — אויך אין ביראָ־בידזשאַן — און אַלץ זעהן און אומעטום אַריינקוקען. אַזוי אַרום, דורך דעם דאָזיגן פיקטיווען העלד, האָט וויינרויך די קיסנטלערישע מעגליכקייט צו שילדערן און מאָלן דאָס סאָוועטישע לעבען אויף אַ זעהר ברייטער קאַנווע. און כאָטש מיר האָבן אַלע אַזוי פיל געלייענט וועגן דער עפּאָכע, אַזוי פיל געזעהן און געהערט, דאָך לייענט זיך דער ראָמאַן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. עס פעלן דאָ אויך ניט קיין טעאָרעטישע דיסקוסיעס, וואָס דאָס איז דאָך אַ באַשטאַנד־טייל פון סאָוועטישן לעבן, אָבער וויינרויך גיט עס מיט זעהר אַ פיינעם חוש פאַר מאָס, און עס געלינגט אים איינצוהיטן, אַז דער עיקר פון דעם ראָמאַן, וואָס איז בילד, זאָל ניט פאַרפּלייצט ווערן פון דעם טפל, רייד.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע מאָמענטען אין דעם ראָמאַן — איך וואָלט געזאָגט מערקווירדיגסטע מאָמענטן — איז וויינרויכ׳ס גדאַנק וועגן דער באַציהונג פון דער סאָוועטישער מאַכט צו דער אידישער קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס לכתחילה האָט עס די מאָכט געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט, דערנאָך האָט דיזעלבע האַנט עס דערשטיקט אויף טויט. ער האַלט אַז פאַר ביידע, דעם רייכן אָנהויב און דעם טרויעריגען סוף, איז פאַראַנטוואָרטליך סטאַלין. סטאַלין האָט געגעבן און סטאַלין האָט צוגענומען. און דער יסוד פון ביידע זאַכן איז געווען סטאַלינ׳ס אַנטי־אידישע שטעלונג, ווי זי איז אויסגעדריקט אין זיין טעאָריע וועגן אידישען פאָלק, אַז אידן זיינען ניט קיין פאָלק און שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין קולטור. נאָר אויב ער האָט לכתחילה געלאָזט געבן אַזעלכע ברייטע מעגליכקייטן פאַר אידישער קולטור־אַרבעט איז עס נאָר געווען אָפּצוהיטן כאָטש אַ טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ פון דעם רוסישן געביט: זאָלן אידן זיך טאָפּטשען ביי זיך אַליין, און זאָלן זיין וואָס ווניגער "ראַבינאָוויטשעס" (לויט כרושטשעוו׳ס נוסח) אין די רעגירונגס־עמטער און אין דער רוסישער פּרעסע און ליטעראַטור. און ווען די "סכנה" איז אַריבער, האָט מען אַלץ ליקווידירט.

הערשל וויינרויך, איז איין צייט געווען אין ביראָ־בידזשאַן און האָט דאָרט אפילו רעדאַגירט די דאָרטיגע דעמאָלטדיגע אידישע צייטונג. (איך בין געווען דער פאַרוואַלטער פון דעם קולטור אָפּטייל פון "ביראָבידזשאַנער שטערן". /לויטן אַמעריקאַנער באַנעם: דער רעדאַקטאָר פון דעם קולטור דעפּאַרטמענט פון "ביראָבידזשאַנער שטערן"/. ה.וו.) ער האָט אַזוי אַרום אַלץ געזעהן מיט די

אייגענע אויגן און ער שילדערט מיט אומפּאַרגלייכליכער איינדרינגליכקייט די גאַנצע אידישע טראַגעדיע פון דעם דאָזיגן אומגליקליכן עקספּערימענט. ער האָט געקענט די אידישע קאָמיסאַרען וואָס זיינען געשיקט געוואָרן אַהין, די אידישע שרייבער וואָס זיינען אַהין געפאָרן, און ער האָט געזעהן דעם מאָראַלישן פאַנאַנדערפאַל פון אַ סך פון זיי, און ער האָט דורכגעבליקט די קאָמוניסטישע אינטריגעס דורך וועלכע די מאַכט האָט זיי ליקווידירט. אָה, שפּינען קענען זיך לערנען ביי די קאָמוניסטען ווי אַזוי צו וועבן נעצען...

אַ ברייטע עפּאָפּייע איז דער ראָמאַן "קאָמיסאַרען" און אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג. אָבער איבער דער קינסטלערישער לופט פון דעם ווערק טראָגט זיך נאָך אַ באַזונדערער דופט, עפּעס אַזוי ווי דער פאַרפאַסער וואָלט ניט אַזוי אויסענגעוועען צו געבן דער וועלט אַ קינסטלעריש ווערק, ווי צו ברענגען דער וועלט אַ שרעקליכן אמת, אַן אמת וואָס זי מוז וויסן פאַר איר וואוילזיין, פאַר איר לעבן.

און אויף אָט דער נאָטע ווילט זיך מיר ענדיגען און זאָגן: וואויל צו דעם שרייבער! ניט קיין ווערק האָט ער אָנגעשריבן, נאָר אַ וואוילטאַט האָט ער געטאָן, אַ חסד מיט זיין שפּראַך, זיין פאָלק און זיינע מיטמענטשן.

**נאָך אָפּרופן:**

# אינמיטן פון גרויל

**פון דר. א. מוקדוני**

"דורך זיבן פייערן", ראָמאַן, פון הערשל וויינרויך, פאַרלאַג פּרינטינג ברידער ראָזען, 362 זייטן.

הערשל וויינרויך'ס "דורך זיבן פייערן" איז, ווי עס שיינט, אַן אויטאָביאָגראַפיש ווערק, דאָס אויטאָביאָגראַפישע איז דאָ צו קענטיג.

הייסט עס, איהר האָט דאָ הערשל וויינרויך, דער סאָוויעטישער שרייבער, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו אונזערע ברעגען, אויטאָביאָגראַפיע.

זי איז געשריבן אויטאָביאָגראַפיש — עפּיזאָדען־מעסיג.

ער איז געבוירן אין אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע, ער איז אָבער געבליבן גאָר פרי אַ האַלבער יתום; זיין יונגער פאָטער, אַ שטיקל עלוי מיט גאָר גרויסע קאַפּריזן, פאַרלאָזט די יונגע מוטער זיינע און פאָרט אַוועק ביים אויסברוך פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג און גט אָפּ זיין פרוי פון מרחקים, פון אַמעריקע.

זיין מוטער האָט חתונה מיט אַ פריילעכן קירזשנער, אַ בראַצלאָוועך חסיד, און דאָ הויבן זיך אָן די וואַנדערונגען פון דעם קינד.

דער פריילעכער קירזשנער איז פאַרליבט אין אָדעס, אָדעס איז די ריכטיגע שטאָט פאַר איהם.

פאָרט די קליינע משפּחה קיין אָדעס.

אין אָדעס באַגעגענען זיי צרות און אָרימקייט.

דער קירזשנער איז אַ גוטער, פריילעכער ווערטל־זאָגער, אָבער אַ קליינער פאַרדינער.

מען וואוינט אויף דער מאָלדאַוואַנקע, וואו עס וואוינען אַלע קבצנים, אַלע גנבים, גרויסע און קליינע.

און דאָס קליינע אינגל באַקענט זיך פרי מיט דער אָדעסער אונטערוועלט.

ער קען אפילו דעם גרעסטן און געפערלעכסטן גנב מישאַ יאַפּאָנטשיק.

ער ווערט אַ בן־בית אין די שענקלעך, וואו עס קומען זיך צונויף די גנבים.

ער באַגעגענט זיך מיט דער אָרימשאַפט אויף דער מאָלדאַוואַנקע.

און ווען אין שטוב פאַרקלייבט זיך דער הונגער העלפט ער מאַכן אַ שטיקל לעבן אויף זיין שטייגער:

אַ גוטהאַרציגע פרוי פון אַ גרויסן גנב העלפט איהם דאָ און דאָרט אַרויס. ער באַקאַנט זיך מיט אַ אינגל, וואָס האָט אַ בלינדן טאַטן, דאָס אינגל פירט דעם טאַטן איבער די הויפן, דער טאַטע שפּילט אויף אַ פידל, דער אינגל אויך, און פון די אָפענע טירן און פענסטער וואַרפט מען זיי מטבעות.

ער לערנט זיך אויך אויס שפּילן אויפ׳ן פידעל, און ווען דער הונגער אין הויז מאַטערט, פּרובירט ער אויך פידלען און זינגען אין די הויפען.

אָבער קיין גנב זיין וויל ער ניט.

ער האָט כאַראַקטער, ער חלום׳ט צו ווערן אַ גרויסער פידעל־שפּילער. דאָס ווערט ער ערשט שפּעטער, דערווייל טוט ער אַלע ריינע און ניט־ריינע מלאכות.

ער געהט אפילו איינמאָל מיט אַ גאָר גרויסן גנב באַ׳גנב׳ענען אַ פריץ, די גנבה גיט זיך ניט איין. יאָ, אַלע פּרנסות זיינען הפּנים שווערע.

פון צייט צו צייט פאָרט ער צו זיין זיידען, אין זיין געבורטס שטעטל.

דער זיידע איז אַ איד אַן עקשן און די באָבע איז אַ אידענע, וואָס זעהט, אַז דער עולם זאָל עסען.

און די משפּחה איז אַ גרויסע; ברידער, שוועסטער מיט אַ סך קליינוואַרג, אָבער די באָבע קוועלט אָן קוקענדיג ווי די גרויסע משפּחה עסט קיין עין־הרע, אויף ביידע באַקען.

און שטעטל ווייזט מען אים אָן אויף בערגעלסאָן, וואָס זיצט און שרייבט אין איינעם פון די רייכע הייזער.

ער מאַכט דורך די ערשטע רעוואָלוציע פון 1905 אין אָדעס.

ער דרעהט זיך אַלעמען אונטער די פיס, הערט אַלץ און זעהט אַלץ.

אַמאָל טרעפֿען גוטע צייטן ביים פֿריילעכן קירזשנער, ביי זיין שטיף־פֿאָטער, כאַפּט מען אַ ביסל אָפּ דעם אָטעם.

אין די גוטע צייטן ווערט ער אַ קירזשנער און העלפֿט אויף אַזאַ אופֿן מאַכן פּרנסה.

ווען די גוטע צייטן גייען אַוועק אומגעריכט ווי זיי זיינען געקומען לערנט ער זיך אַן אַנדער מלאכה.

ער זיצט ניט ליידיג, דאָס אָרימע אינגל.

און אָט קומט די גרויסע רעוואָלוציע, די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע און ער איז אויך דאָ.

עס קומען די ווייסע און עס ווערט ביטער און פֿינסטער.

ער פֿאָרט צו זיידען און לעבט איבער פּאָגראָמען, קומט צוריק אין אָדעס און לעבט איבער פּאָגראָם־שרעק.

ביז די רויטע באַפֿעסטיגן זיך.

און ער, דאָס 16 יאָהריג אינגל, ווערט אַ רויטער אָפֿיציר, און גייט קיין אוקראַינע, זיך שלאָגן מיט די אוקראַינער פּאָגראָמשטשיקעס.

ער מאַכט דורך דעם שרעקלעכן פֿלעק־טיפֿוס, ער איז צוריק אין אָדעס, אָבער אין שפּיטאָל, ער ווערט געזונט און געפֿינט אין שפּיטאָל זיינס אַ ברודערל.

הכלל — די מאַמע איז קראַנק, דער פֿריילעכער קירזשנער איז טויט, אַ שוועסטערל שטאַרבט אויך.

אָט ביז אַהער גייט די ביאָגראַפֿיע.

דאָס ווייטערדיגע וועט קומען אין די ווייטערדיגע ביכער.

* *

דאָס אינטערעסאַנטסטע אין בוך פֿון אַ ליטעראַטור־קריטישן שטאַנדפּונקט איז די פֿאַמיליע פֿון אינגל — דער זיידע, די באָבע, די פֿעטערס, די מומעס און די שוועסטער־קינדער.

דאָס איז אַ משפּחה, וואָס מען רופֿט אין שטעטל פּאָפּעראָק, דאָס הייסט עקשנים, וואָס טוען אַלץ פֿאַרקערט.

די אבות פֿון דער דאָזיגער משפּחה זאָלן האָבן געווען רוסען, וואָס האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן. אין שטעטל זיינען די קינדער פֿאַראידישט געוואָרן אינגאַנצן, אָבער עפּעס עקשנות׳דיג־פּוערישעס איז געבליבן אין דער משפּחה.

דאָס זיינען אידן עקשנים, אָבער ערלעכע און האָרעפּאַשנע אידן, וואָס שטייען שווער אויף דער ערד מיטביידע פֿיס אין שווערע שטיוועל.

צרות שיטען זיך אויף זיי, ווי אויף אַלע אידן, אָבער זיי ברעכט מען ניט, ניט זיי...

**אָט די דאָזיגע מענטשן זיינען גוט געצייכענט, און זיי בלייבן פאַר אייערע אויגן לעבעדיגע און אייגענאַרטיגע.**

מיר זעהען אויך דאָס שטעטל.

אָבער אָדעס איז הפנים צו גרויס.

מען קען אָדעס אין דער צייט צווישן צוויי רעוואָלוציעס ניט אָפּטמאָלן ווי מען מאָלט דאָס שטעטל, דאָס שטעלט גרעסערע פאָדערונגען דעם שרייבער.

זעהען מיר טאַקע אָדעס עפּעס ווי פאַרבייפאָרנדיג.

אַלץ לויפט און יאָגט זיך פאַרביי אייך מיט אַ גוואַלדיגער געשווינדקייט.

איהר זעהט אָדעס און איהרע מענטשן ווי פון דעם פענסטער פון אַ לויפענדיגער באַהן.

איהר זעהט סתם אַזוי פאַרביילויפענדיג דאָס אינגל אין דעם גרויסן טומעל פון צוויי רעוואָלוציעס מיט אַ שטיק פינסטערע רעאַקציע צווישן זיי.

איהר הערט בלויז עפּעס ווי אַן עכאָ, איהר זעהט אַלץ ווי אין אַ פילם.

עס איז אַ צייט פון גרויסן כאַאָס און גערודער.

און אין כאַאָס און אין גערודער זעהט איהר ווי אַ אידיש אינגל פלאַטערט ווי אַ שטיקל פאַפּיר אין אַ שטורם־ווינט.

ווי דאָס אינגל איז אַרויס פון דעם דאָזיגן כאַאָס אַ גאַנצער פיזיש און גייסטיג איז גאָט׳ס ניסים.

הערשל וויינרויך איז אַ געניטער שרייבער, ער ווייסט וואָס צו טאָן מיט׳ן אנגעהויפטן אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל, אָבער ער ווייסט, אַז ער טאָר ניט מאריך זיין, דאָס בוך קען ווערן צו גרויס...

און אַ גרויס בוך האָט אַ סך ווייניגער שאַנסען געדרוקט צו ווערן.

דאָס האָב איך באַמערקט נאָך אין זיין פריהערדיג בוך אויך.

דאָס איז ניט קיין ברכה פאַר אַ שרייבער, וואָס נעמט אויף זיך די אויפגאַבע צו געבן דאָס לעבן פון אַ אינגל צווישן די צוויי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד.

וואָרים אַזוי ווי עס איז נויטיג הרחבת־הדעת צום שרייבן, פונקט איז אַזוי נויטיק הרחבה פון פלאַץ.

דאָס בוך, פאַרשטעהט זיך, לייענט זיך מיט אינטערעס, די טעמע איז אַ פאַרכאַפּנדיגע און אַ וויכטיגע.

## 16 און 2

### פון חיים ליבערמאַן

ענדליך הערען מיר אַן אמת׳דיג וואָרט פון אַ קאָמוניסטישע מויל. נאָר דער דאָזיגער אמת איז אויך אָנגעטאָן אין אַ ליגנערישער העמדל, וואָס איז אָבער פול מיט לעכער: ניט געקוקט אויף דער ״קאַלטער מלחמה״ און ניט אַלץ אָפגעשניטן און פאַר׳חתמ׳עט צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און דער דרויסנדיגער וועלט. יעדן טאָג דרוקן זיך אין די צייטונגען פון דער וועלט דעפעשען פון מאָסקווע, אין די פּאָסט ברענגט פון דאָרט צייטונגען און זשורנאַלן אין די צענדליגער. איר קענט ביי געוויסע צייטונגס־סטענדס אין ניו יאָרק יעדן טאָג קריגן די מאָסקווער ״פּראַוודאַ״, די ״איזוועסטיאַ״ און די ״מאָסקאַו ניוס״, און אַ סך אַנדערע. וואָלט נאָר געווען אַ ביראָבידזשאַן, וואָלט מען שוין עפּעס פון דאָרט דערהאַלטן. און אַז אַ קאַלטע מלחמה, דאַרף מען לאָזן די היגע קאָמוניסטן דערפראָרען ווערן?

נאָר אויב משה כץ וויל טאַקע אויף אַן אמת אינפאָרמאַציע וועגן ביראָבידזשאַן, קען איך אים געבן אַ ריכטיגען אַדרעס. קיין אַמעריקע האָט זיך געראַטעוועט דער סאָוועטיש־אידישער שרייבער הערשל וויינרויך. און ער האָט ערשט אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט׳ן נאָמען: ״בלוט אויף דער זון״. הערשל וויינרויך האָט געלעבט און געאַרבעט אין ביראָבידזשאַן. ער איז אַוועק פון אָרט אין יאָר 1938. אין זיין בוך באַשרייבט ער ביראָ־בידזשאַן. און ער דערצעהלט, אַז ווען ער איז אַוועק פון דאָרט איז שוין דעמאָלט פון דער אידישער ביראָ־בידזשאַן געווען ניט מער ווי אַ באַרג אַש. עס איז טאַקע געווען אַן אָנהויב פון אַ אידישער ביראָ־בידזשאַן. אידן זיינען געקומען אַהין און זיך געשטעלט בויען. אָבער אין גיכן האָט מען די בויער און טוער צעשאָסן און צעשיקט אין די תפיסות, אידן זיינען זיך צעלאָפן וואו איינער האָט געקענט, און פון דער גאַנצער אידישער רעפּובליק איז נאָר געבליבן די אויפשריפט ״ביראָ־בידזשאַן״ אין אידישע אותיות אויף דער סטאַנציע ביראָ־בידזשאַן.

עס האָט זיך פון אַלץ אויסגעלאָזט אַ טייך, ריכטיגער — צוויי טייכער. דער טייך ביראָ, און דער טייך בידזשאַן...

און וואָס די אידן האָבן אויפגעבויט איז אַריבער צו אַנדערע, אין איינעם מיט די פאַרמעגנס, וואָס מ׳האָט געקליבן ביי די אידן אין אַמעריקע.

ס׳איז אָנגעקומען, יע, ווען איז עס אָנגעקומען, כאַוועער משה כץ? ניט מדינת ישראל...

כדאַי אָנצושרייבן נאָך אַ הומאָרעסקע וועגן דעם, כאַוועער כץ...

דער „מאָרגן זשורנאַל"

# „בלוט אויף דער זון"

### פון דר. א. מוקדוני

הערשל ווײַנרויך, דער מחבר פון בוך „בלוט אויף דער זון", איז אויפגעוואַקסן, דערצויגן געוואָרן, געוואָרן אַ שרײַבער און לויטענאַנט אין דער רויטער אַרמיי אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

ער איז, הייסט עס, אַן אמת'ער סאָוויעטישער מענטש.

איז אָט דער סאָוויעטישער מענטש אַנטלאָפן פון פאָטערלאַנד, זיך גערעטעוועט צו אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַאַטן.

האָט ער וואָס צו דערצעהלן וועגן סאָוועט־רוסלאַנד; ער איז געווען אומעטום, אפילו אין בירא־בידזשאַן איז ער געווען היבשע עטליכע יאָהר. געזעהן אַלץ, קען גוט אַלע סאָוויעטישע אידישע שרײַבער, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבן אין תפיסות און פאַרשוואונדן געוואָרן ניט לאָזענדיג נאָך זיך קיין שפּור.

און ער וויל דערצעהלען אַלץ, ער וויל אַראָפּרעדן פון האַרצן, אויסשרייען זיין צער, זיין וועהטאָג פאַר דער גאַנצער אידישער וועלט.

אָבער אַ האַלבן טוץ ביכער דאַרף ער האָבן כדי צו אַראָפּרעדן אַלץ פון האַרצן; ער קען אָנשרייבן אַ בוך וועגן בירא־בידזשאַן, ער איז דער לעצטער לעבעדיגער עדות וואָס האָט געלעבט אין דעם צורונענעם חלום וועגן אַ אידישער סאָוויעטישער רעפּובליק, ער קען אָנשרייבן אַ בוך וועגן די אומגעקומענע סאָוויעטישע אידישע שרייבער, און אַ גוט בוך, אורטיילענדיג פון די עסעיס, וועגען אַ טייל פון אָט די אומגעקומענע אידיש־סאָוויעטישע שרייבער, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס". ער קען אונז געבן אַ בוך וועגן דאָס סאָוויעטישע טאָג־טעגליכע לעבן. ער קען אונז דערצעהלן וועגן דעם טויט פון דער אידישער קולטור און דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט אין דער סאָוויעטישער מדינה.

הכלל — מיר האָבן געקענט אַרויספּאָמפּען פון איהם אַ ים מיט אינפאָרמאַציע.

איז אָבער איצט אַ שווערער פאַרלעגערישער קריזיס ביי אונז. עס דערשיינען ווייניג ביכער און די וואָס ערשיינען געהען לאַנג שווער צו קינד.

האָט הערשל ווײַנרויך געקראָגן אַפּנים מענטשן, וואָס זיינען געווען וויליג איהם צו אַרויסהעלפן, אָבער אין אַ זעהר באַשרענקטער און אַ זעהר קאַרגער מאָס.

ליגט פאַר מיר אַ ביכעל פון 200 זייטלעך בלויז.

און הערשל ווײַנרויך האָט געוואָלט אַלץ אַריינפּאַקן אין די דאָזיגע 200 זייטלעך, אָבער היות ווי אפילו פאַר אַ צעהנטעל פון דעם וואָס ער קען און וויל

דערצעהלען זיינען די 200 זייטלעך ווייניג, האָט ער פון אַלץ געגעבן אויפ׳ן שפּיץ גאָפּעל.

אַ זאָג וועגן דעם און אַ זאָג וועגן יענעס.

איהר זעהט ממש ווי ער וויל זיך איינמאַשצען אין דעם סדום־בעטל פון 200 זייטן און קען נעביך ניט, צו קליין איז דאָס בעטל, גרויזאַם קליין.

שפּרינגט ער פון איין טעמע צו אַן אַנדערער, גיט אונז אַ ברעקל פון דעם און אַ ברעקל פון עפּעס אַנדערש.

איז אַרויס עפּעס אַ ניט דערזאָגט בוך, אַ מין אַנטאָלאָגיע פון דעם, וואָס ער, הערשל ווײַנרויך, האָט געקאָנט און געוואָלט שרייבן.

עס איז אַ צערודערט בוך, ווי איטלאַכס ניט־דערזאָגט בוך.

אָבער פון דעם דאָזיגען צורודערטען בוך זעהט מען באַשיינפּערליך די גרויסע שפע פון אינפאָרמאַציע וואָס ער פאַרמאָגט וועגן אַלע פאַזען פון לעבן פון דעם סאָוויעטישן אידענטום.

אַ גרויסע טראַגעדיע איז דאָ אַריינגעקוועטש געוואָרן אין אַ ליטעראַריש סדום־בעטל.

וואָלט געווען אַ יושר, אַז איינער פון אונדזערע געזעלשאַפטליכע פאַרלאַגען זאָל געבן דעם סאָוויעטישן שרייבער, הערשל ווײַנרויך, די מעגליכקייט צו דערצעהלען אויספירליך וועגן וואָס ער ווייסט און וועגן אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

עס וואָלט געווען ממש אַ געווינס צו האָבן אַן אויספירלעך בוך וועגן בּיראָ־בּידזשאַן, ער איז דער לעצטער עד־ראיה, וואָס האָט געלעבט אין בּיראָבּידזשאַן היבשע עטלעכע יאָהר.

עס וואָלט געווען אַ געווינס ממש צו האָבן פון איהם אַ בוך וועגן די פאַרשוואונדענע סאָוויעטיש־אידישע שרייבער, א.א.וו.

איך ווייס, אַז אין דער רייה אין יעדן פאַרלאַג שטעהען אַ פּאָר טוץ דיכטער, קענען אָבער די לידער וואַרטן אַביסל.

לאָמיר־אויסהערן אַ סאָוויעטישן יונגן אידן וועגן דאָס וויכטיגסטע וואָס ער ווייסט וועגן אידן אין דער סאָוויעטישער מדינה.

איך, פּערזענליך, למשל, געהער ניט צו די פּראָפעסיאָנעלע חטאים־זוכער אויף סאָוויעט־רוסלאַנד.

אָבער איך קען ניט אָפּלייקענען דאָס וואָס הערשל ווײַנרויך שרייבט אין ״פאָרווערטס״ וועגן דעם אומקום פון אידישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

איך האָב ניט און קען ניט האָבן קיין ראַיעלע, קאָנטראָלירטע און אויטענטישע ידיעות — פאַרוואָס איז פאַרשוואונדן געוואָרן אַזאַ טאַלאַנטפולער דיכטער ווי איזי כאַריק און פאַר וואָס איז ניט געוואָרן משה קולבאַק.

קיין געריכט איז ניט געווען, און אויב עס איז יאָ געווען אַ געריכט, זיינען די פּראָטאָקאָלען פון געריכט ניט דערגאַנגען צו אונז.

דאַרף איך זיך פאַרלאָזן אויף די היגע קאָמוניסטען, איז ראשית ווייסען זיי אַליין ניט פיל מער ווי איך, און צווייטענס רעדן זיי ניט וועגן פאַקטן. זיי אַטאַקירן בלויז דעם דערצעהלער, אָבער ניט די פאַקטן גופא.

און עס קען דאָך גריילייך זיין, אַז דער דערצעהלער איז ניט קיין הונדערט־פּראָצענטיגער צדיק, אָבער דאָס וואָס ער דערצעהלט קען זיין איז לויטער אמת.

## הערשל וויינרויך ווינאָקור

### געווען געדרוקט אין ירושלימער אַלמאַנאַך. 11, 1980/

געבוירן אין יאָר 1905 /ריכטיקער אין 1903 ה. וו./ אין אָכרימאָווע קיעווער געגנט. קינדווייז צוזאַמען מיט דער מוטער געלעבט אין אָדעס. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע אידישע דערציונג. צוליב גרויסער נויט פרי אָנגעהויבן אַרבעטן. צו 15 יאָר — פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי. אָנטייל גענומען אין בירגער־קריג פון 1920־1921. נאָך דער אַרמיי געאַרבעט אין אַ פאַבריק, גלייכצייטיק זיך געלערנט אין אָדעסער אידישן פעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פאַרענדיקט אין 1932 /זיך אויך געלערנט אין אידישן אָפּטייל פון מאָסקווע־צוויטן מלוכה אוניוורסיטעט /ה.וו./ זיין ערשטע דערציילונג "איטקע פון שווייפראָם" פאַרעפנטלעכט אין מאָסקווער "עמעס" אין 1925. פון דאַן געדרוקט אַ גרעסערע צאָל דערציילונגען כמעט אין אַלע אויסגאַבעס פון דער אידיש־סאָוועטישער פעריאָדיק.

פון 1932 ביז 1938 — אין ביראָבידזשאַן /מיט קליינע איבעררייסן ה.וו./ הילפס־רעדאַקטאָר פון "ביראָבידזשאַנער שטערן."

1940־1941 — מיטרעדאַקטער פון "ביאַליסטאָקער שטערן." אין 1941 געווען אין מינסקע געטאָ און צוזאַמען מיט אַן אַ אָרגאַניזירטער פאַרטיזאַנער־גרופּע דורכגעריסן זיך צו דער קעמפנדיקער סאָוועטישער אַרמיי. אין די שלאַכטן שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. אין 1946 מיט געאַרבעט מיטן אידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. אין זעלבן יאָר אומלעגאַל אַריבער קיין רומעניע און פון דאָרט ־אין די פליטים־לאַגערן פון מינכען /דייטשלאַנד/. שפּעטער — אין ארץ ישראל. אין סענטיאָבער 1948 געקומען אין די פ"שט. נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג אין יאָר 1950, האָט דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין אין אַמעריקע פולשטענדיק רעהאַביליטירט דעם שרייבער וויינרויך־ווינאָקור, וואָס איז מאַראַליש און פיזיש שווער געטראָפן געוואָרן פון אַ בילבול, וועלכע די סאָוועטישע געהיימס־דינסט ק.ג.ב. האָט וואַרשיינלעך פאַרשפּרייט וועגן אים.

ביכער פון ה. ווינאָקור:

"אין אויפקום" /דערציילונגען/ מאָסקווע 1932.

"טייגע בערג" מינסק, 1935.

אַ בריק איבער דער בירע" מינסק, 1936.

דער ערשטער יעגער" מינסק, 1939.

"דאָס אינגל פון אָכרימאָווע" /ראָמאַן/ מינסק 1941.

דערשינענע ביכער אונטערן נאָמען ה. וויינרויך:

גלות בייערן" מינכען, 1947.

"בלוט אויף דער זון" ברוקלין ניו יאָרק 1950.

"דורך זיבן פייערן" /ראָמאַן/ ניו יאָרק 1951.

"אַדאַמיזם" ניו יאָרק, 1954.

"קאָמיסאַרן" /ראָמאַן אין צוויי בענדער/ בוענאָס־איירעס, 1962.

"ווען די זון פאַרגייט און די מוזע ווײנט."

לעצט בוך, אין יידיש.

אונטערן נאָמען הערשל וויינרויך־ווינאָקור.

ניו יאָרק, 1982.

ביכער אין ענגליש אונטערן נאָמען גריגאָרי ווינאָקור: .... Grigory Vinokur

1) The Commisar (Novel) Twayne Publishers, Inc. New York, 196[illegible].

2) A Grain of Salt (short stories) Frederick Fell Publishers, Inc. N[illegible] York, 1981.

3) A Ballad About Jerusalem The Crown of Israel (A Ballad. Prose-Poem) New York, 1982.